אללען טהייערען קינדערן, דיינען טעכטערן, שניר און איבערהויפט דיינען גוטע פריינדען. איבזאל בהרב אוה"ב גזונ"ל.

---

## 105.

**איינער שרייבט צו זיין משולח ער זאל איהם וויא צום געשווינדעסטע וואארען (סחורה) שיקען**

לאהובי ידידי משולחי המשכיל אוה"ב זעליגער נ"י.

ליבער פריינד! גוויא באלד וויא איהר ווערט דעם בריעף בעקוואמען, זאללט איהר געהען מיט דער ערסטער געלעגענהייט ווען עס ווערט זיך טרעפען, און ווען עס זאללט איהר באלד פוהר לייט דינגען און איהר שיקען מיינע פערקאולען, גוטע פרענטע אושלינען, קאמערטוך, וועב, קיטייען, אללער האנד שפרלאנטען קארטונען, אללער האנד סארטען, אסדישע שנופטיכער, ווייסע טיכער, האלז טיכער, אללער האנד, צו דער אנדערען קראם ווידער קאמלעטען, דימיטען, גראדעלינען, גייגענען קאלעט, געשנירעלטע קאמלעט, ברייטען און שמאלען פון אללערלייא סארטען, אויך פון גייבענצייג, לעדער טיכער, ראצעקארעס, גראבע בארכען (גראבעבארכ) הויזען צייג אין אללערלייא קאלערען, אטלעסען אללערלייא סארטען, אבעאקשען אלט אגבעשע און נייע אגדישע, אנגעסטען סאמעטען אללער האנד נאך יעצטיגע מאדע, קארטין און שאלען אונד אין ברייטע פאסען, אללער האנד וואללענצייג אין קאלערען, קאפטיכער, שאללען פון אללע בעסטע סארטען פון אללע בעסטע גאטונגען ברובענדער, און פאטינעט, אויך איינען געווייסע פארטיא פאר איינעם הונדערט רובעל גילדער אנדערע וואארע

137.

(סתורות) וועלכעס וועט אייך געפעלען. דברי שמואל ד״, באוה״ח חנינא.

---

107.

אנטווארט (תשובה)

לאהובי אבוני הה״ה הרבני הנגיד המפורסם מוה״ה שמואל נ״י.

ליבער טרייער הערר, און פריינד! איך האב אייער בריף ריכטיג ערהאלטען מיט דער נאטע, וועלכע בעטרעפט איינינגע טויזענד דוקאטען, עס וואלט אללעס ריכטיג געוועזען ווען איהר וואלט נור געלט געהאט צו שיקען וואלט איך געקאנט אין לייפסיג צעהן מאהל זויא פיהל בעקומען, איך וואלט געוויס אייער פערלאנגען ערפילט מיט דער גרעסטען פריינדשאפט נאר איך פערשטייא שוין, איהר האט געמאכט נייא איין טרויס הבען, אלין וויס גוט דאס איהר נייט ערשט געפאללען פון דעם פאריגען שטאנד, דאס איבעריגע פערשטייט אליין, אייער טרייער געוועזענער דינער. יצחק אייזעלס נ״י.

107.

לידידי כנפשי הה״ה

ליבער טרייער פריינד! איך דאנק אייך און ווערד דאנקבאר זיין פאר אייער ליבליכען פערבינדליכקייט, וועלכע איהר האט איר זיין האנדעל סארט געצייגט. איר בריף האב איך דיא פאריגע וואך דורך דער פאסט מיט דעם גרעסטען פערגניגען פון לייפסיג ערהאלטען, דאס איהר פאר איר אויך וואהרען בעזאָרגט גלייך ווא פאר זיך, לויט דיא פראבען וועלכע האבען זיין בריף געקלעבט, עס איז זייער לופטבארע סאָרטען און קוועלען, וועלכעס קעננער קויפלייטע

בעוואנדערן די פראבען, געלד שיק איך מיט געגענווארטיגע פאסט 3080 טאהלער פיר העררן קויפמאן גילבערבערג, דאס איז די פאריגע שולד, פון דער פערגאנגענען אקסען צו קוויטירען, און דעם גאנצע וועקסעל אב צו כאצען, איהם גיטיגסט צו דאנקען פאר דען קרעדיט איך בעט אייך ליבער פריינד אפפענהערציג איין פערלאנגען צו פארפיללען און אויס צו קלויבען די ווארע וועלכע איך דא ווייטער בעצייכנע, געלד שיק איך ווידער אויף די נייע ווארע 9450 רייכסטהאלער, פון וועלכע זיא קענען אייניגע טויזענד פיר זיך האלטען, איר וועלען זיך שוין צו הויזען בערעכענען.

נ א מ א

אאנשעסטער, לוסטרין, דיבעט, אטלעס, וואל אטלעס, שטאטינערטיכער, האללענדער טיכער, פלארענס, אאנטינגע, באטיסט, קאאר טוך, באנד אדער סטענגעס, סאיעטטען (פאר העכדליך) אללערליי טול, בלאנדין, זיידענע שטריאפ (זאקען) אארע אללערליי קאלערען, לאסטונג, שאללען זיידענע, האלזטיכער זיידענע און אנדערע, פערשידענע שניט (סחורה) לויט אייער פערשטאנד.

---

108.

אנטווארט (תשובה)

להה' הרבני הנגיד אוה'

אייער ליבען בריעף פון 5טען נאוועמבער דיעזעס יאהר, האב איך ערהאלטען ווא אויך דאס געלד 3800 טאהלער פיר העררן קויפמאן גילבערבערג, איך האב איהם איין געזעצען בעצאלט, און ראבאט אבגעשלאגען, ער

איזט אויך זייער דאנקבאר געוועזען, און האָט פֿערשפּראָכען פֿאר איינען אָברייזען איין שטהנדעס פּרעזענט איהנען צו שיקען פֿאר אייער רעגעלמעססיגעס צאהלען, דיא 9450 רייכס טאהלער האבע איך דען אויגענבליק פערפאסט ריכטיג ערהאלטען, און האבע דיא וואָרען איהרער נאך אבגעקליבען לויט איהרען גוסט און פֿערלאנגען אין אללער בעסטען גאטונגען אונד שיינען קוואלערען, וויא זיא איר געשריבען האָבען, איך האָפֿע דאָס זייא וועלען זייך וויא אויך יעדעס אענשען געפֿעללען, וויל עס זעהען אויסגעצייכענטע וואָרען, איט גאטטעס הילף, זיא וועלען איין גרויס פֿערדיענסט פֿון זייא האבען,

פֿון דעם געלד האב איך איט איהרער ערלויבעניס איר 4800 טאָהלער גענומען, צו הויגע וועלען איר זיך קוויטירען, ביטטע איר איט דער ערסטער פּאָסט צו שרייבען אויף דער נעמליכען זודעס וויא עס איהנען בעוואוסט איז.

109.

לאהובי אחי הה׳ הרבני חכם ונבון כש״ת אוה׳.

איין ליבער טרייער ברודער! דיין ליבען בריעף האָב איך איט פֿערגעניגען ערהאלטען, איך ווינש דיר דאָס גרעסטע גליק צו דיין נייעס האנדעל וועלכעס דוא דיר אנלעגסט, גאָטט זאָל דיר העלפֿען ארדענטליך צו פֿיהרען גליקליך צו האנדלען, און נור אין דער בעסטען אָרדענונג צו פֿיהרען, כעס שט פֿארזוואגוט ווייל איך לערען דיך, ערסטענס בין איך איט איינעגע יאהרען עלטער פֿון דיר, צווייטענס, בין איך פֿריהער איין גרויסער קויפֿמאן געוועזען, און דיא בעשטיאטעך רעגעל איז איין האנדעל צו פֿיהרען, אוז אלען פֿריהער גוט נאָכצוזעהען, און נאכפֿארשען בייא פֿערשטענדיגע אענשען, וויא דיא וועלט האלט פֿון דער ארט

סחר, אויב דיא ווארען גילטען, אונד וויא עס האלט אין דיא גרויסע שטעט, אין
דיא ווייטערן אונד נאהענטערע ערטער, אויך אוב אלען גוטען, איין ארענטליכען
אין עהרליכען קרעמער. וועלכער זאל פון איינען לאנגען צייט געכנט זיין, אונד
וועלכער האט פאבריקען בעזוכט, אונד פערשטייט דיא ארטען סחורה אויך אויב
ער איז איין צייט אויף איין שטעל געוועזען, אונד ווען ער איז אוועק אין איין
אנדערן האנדעל דארף מען אויך ווייסען פאר וואס ער איז אוועק געגאנגען,
אויך אוב אלען ווייסען וויא זיין שטאנד איז פריער געוועזען אונד וויא עס איז
איצט אוהם דער נאך געווארען, איבערהויפט אויב ער קען גוט בריף שרייבען אונד
רעכענען, וועלכעס איז דאס נייטיגסטע אין האנדעל, אויב ער איז איין ערליכער
מאן, אויב ער איז אנגענומען אונטער מענשען, אונד קען לייטען ארטיג בעהאנדלען
ניט בייז אונד שטורמאדיג צו זיין, נאך איינס אוב איך דיר זאגען דאס ער זאל
קיין טרינקער זיין אבער ער זיין דער געשיקטעסטען מענש אין זיינער קונסט, דען
דורך זאלכען מענשען איז דער פרינציפאל (בעה"ב) באנקרוטירען, וויל דער
וואס ליבט צו טרינקען קען דאס געשעפט ניט גוט אובהיטען, ער פערברענגט
זיין איינענעס געלד, וויא אויך פרעמדעס, דעס גלייכען אוב אלען היטען דאס ער
זאל ניט מיט אנדערע קרעמער צו פיל אומגאנג האבען וועלכע ניט נייטיג
זענען, וויל איר האבען שוין געכנוג גיגעהאבען אונד גיהערט וואס עס קען דער פון
הערויס קומען, דאס בעסטע איזט איין ברודער דוא זאלסט קיינע געלד שפארען
פאר איין גוטען קרעמער, נור דאס דוא זאלסט קלאהר ווייסען אויף דאס
איינדעסטע, וויא דיא וועלט האלט איהם אונד וויא זיין פיהרען איז, איבער אוללעס
אבער איז דער הויפט דאס אלען אוב אליין זיין אוללעס פארזיכטיג זיין ניט פיל גיין
אונד האבען זוויג אויף אוללעס, צו צייטען אוב אלען אויך ניט דער שלאפען,

אין יעדען גאוק אוג אלן געהלן זויך זיין גלוגן זורט צו דער גיין.

העער ברודער! נור איין גאוק בעט איך דיך דוא גאולסט שט גוכען איט איין אזהל רייך צו ווערען, דען דיא וואָס גוכען פיהל זון שט אויך איין צהרליכע זורט, האבען ספעטער גאור ששט אונד נאוק אעהר גייא פערלירען זוללעס אויך גייער איינענס, אען אוג אעסיג לעבען זוללעס זון גיין צייט, ווען אען וויל קרעדיט האָבען. אוג אען דען טעראין היטען, וויל ווען דוא ווסט איין אזהל פערברעכען ווערסטו גאונץ צו בראָכען ווערען, היט דיך נור ארדענטליך צו האנדלען, ביט שט צו הויכען פרייגען (אקחיס) דען עס איג שט גוט זוונד שט שיין, האולט דיך נאוק אויך איט דעם האנדעל צו עפענען ביג איך וועל אליין בייא דיר גיין גייא געגונד אונד לעב וואהל.

---

111

אנטוואָרט (תשובה)

לאהובי אחי הה״ הרבני זאפֿורס אוה״.

טרייער ברודער! איך האב דיין ליבען טרייען לעהר בריף איט דער גרעסטען צופֿרידענהייט ערהאלטען, אונד דורך געלעגען, עס האבען איהם פֿיל פֿריינד געלעגען, אללע האָבען דיין גרויסען פֿערשטאנד בעוואונדערט, דען לויט דיין ראטה קאָן דער אונפֿערסטענדיגער זון דער קלענסטער, געבוג אונד קלוג ווערען, דאוק וועל איך זון דיר ששט אנפֿאונגען איין האנדעל צו עפֿענען ביג דוא וועסט (בשלום) צו אירקואען, איר וועללען זיך בעראטען, איך וועל דיר פֿאורלייגען איינע פֿלענע זין האנדעל לויט איין קאפיטאל זון לויט איין שטאנד וויא ווייט איך קען דעם האנדעל פֿיהרען, איינע האפֿנונג איג צו גאָט, אונד אויך דיר, גייא איין

פאטער אונד לעהרער. עס געפעלט מיר זייער וואס דו שרייבסט מיר דאס איך
זאלל דיר צו הויכע פרייזען ביטען, ווייל עס טרעפט זיך אפט אזוי דאס
מען ביט פאר איין זאך וואורען 45 קאפ' אונד דער נאך פערקויפט מען
זיא פאר 10 קאפ' ווי שעדליך איז עס, מען דארף רעגולאר פיהרען, מיט
פיל פערלאנגען צו פערדינען, פיהרט מען דען האנדעל בעססער אויס אלס
ווען מען וויל אויף איינמאל רייך ווערען, אונד דער צו בלייבט מען ביי איין
שיינעם נאמען, דיין טרייער ברודער וואס ווארט אויף דיין גליקליך קומען.

---

## 112

**איין יונגער קויפמאן שרייבט אן איין פאבריקאנט דאס ער וויל זיך איין נייעז האנדעל פערלייגען**

האכגעעהרטעסטער הערר!

עס איז שוין זייט פיעלע יאהרען וויא איך בין געוועזען אלס דיענער אין פערשידענע האנדלונגס הייזער, אונד יעצט בין איך אין דער איינונג מיר איינע האנדלונג צו מאכען זויא אויך איך דיא עהרע זיך אן איהנען צו רעקאמאנדירען, איין געשעפט וויל איך פאר דער האנד איינפיהרען אין ראהע זייד אונד זיידענע וואארען, פון דעם ערסטען ארטיקעל נעם איך מיר דיא פרייהייט דיא פרייזע (אנחיס) ביי צו לייגען, זאלל עס איהנען געפעלליג זיין, איך מיט איהרען אויפט געגען צו בעהערען, זויא וויל איך איהנען צו דער בשטיאטען צייט אוללע אזוי פינקטליך צאהלען אונד רעכטשאפפען בעהאנדלען ווערדע איך זיא פערזיכער דא באלד זיא ווינשען מיט מיר אין געשעפט צו טרעטען,

דא בלעטערן זיא גיטיגסט איינע פירמא, איך איז איין וואונש וואורען אויך זעהס
זאגט צייט, צו ערהאלטען, ביטטע אום איהרען בעפעהל, אונד האבע דיא עהרע
צו זיין איהר דינסטוויליגער. יוסף גאלדשטיין.

---

## 113.

לאהובי הרבני המפורסם אוה׳.

איך מעלדע אייך וויא באלד איהר ווילט דאס איך זאל ווייטער קונדאן
בלייבען, זא בעט איך אייך דאס איהר זאלט איר אונטער דיא לעדער וועלכע עס
געבען היינט ביים אייך בעשטעלט ווארדען מיינער שוועסטער שיקען אלס וויא
דאס פאריגע מאהל, איין זאהן האט דען אויפטראג דיא לעדער וואס ווייטער
אין דער נאכט שטיין צו קויפען, ער וויל זייא ביים אייך פיר באאר געלד
קויפען, נור איהר זאלט איר יעצט איין ביליגען פרייז רעכנען וויא פריהער,
ווילען זיא דארויף איין, זויא שרייבען זיא איר באלד אנטווארט אונד איך
פערגיעבער אייך דאס איהר וועט אן איר איינען ערליכען מאן אונד איין
מכטיגען צאהלער האבען. יצחק גרינבערג.

נאטא

1 זאהלען לעדער א 1 צענטנער, 1 צענטנער רינדס לעדער, דרייא
טוץ קאלבס פעלל, צוויא פעלל שווארץ בוקסלעדער, זעקס פעל ציגען לעדער.

---

## 113.

**איין קארן תענדלער שרייבט אן איינעם דאס ער וויל מיט איהם אין דעם געשעפט (בשותפות) מאכען.**

לאהובי ידידי הה׳ הנגיד והמפורסם כש״ת מוה׳ מענדל ווייסענפיש.

איין פריינד האט איר אין דעם אויגענבליק פאר איין גיבערן נאך געשריבען, דאס עס וועט ערלויבט זיין, (תבואות) נאך אנים לאנד הערויס צו פיהרען, און אלע וועט עס קירצליך פובליצירען, לויט וויא עס איז יעצט צוא הערען, וועט אויסלאנד פיל געטריידע איבערהויפט ווייץ גייער פיל ברויכען דאס איז דאך בעוואוסט דאס גאנצע אויסגיבט איין גרויסער פארטהייל פיר דען האנדעל אינגט און אלען אוג געהען דיזא צייט באלד צו בענוצען, און שעט ווארטען ביז דיזא נאך וועט בעקאנטער ווערדען, איך האב יעצט געלעגענהייט ביז גענוס טויזענד פערד ווייץ פון דער בעסטען סארט צו פינף רובעל צו קויפען, איך בעזאיילא איך אויך דאפאן צו שרייבען, און וויל האפפען דאס איהר וועט איט איר (בחברותא) דען ווייץ קויפען, וויליגט אהר דאריוף איין, גויא ווארט איך אב איינע געשווינדע אנטווארט, אויך ווינש איך דאס איהר גאלט איר ערלויבען דען בעטראג פון צוועלף טויזענד רייכס טהאלער אויף צו ציהען, ווייל איך וועל אונזען באלד בייא דעם איינקויף באאר געלד בעצאהלען, עס וועט איך גייער פרייען אייך צו אירעס פארטהייל צו דינען.

פ״ד ידידי אברהם שפיגעלמאן.

---

## 114

### אנטווארט (תשובה)

לאהובי ידידי נפשי הו״ה הנגיד והמפורסם כש״ת אוה״ה אברהם נ״י.

איך בין אייך פיר דיא גוטע נאכריכט איבער דען געטרייען אויפפיהר זייער פערבינדליך, אונ בעט אייך דאס איהר זאלט דען קאנטראקט אויף זויא פיל אבמאכען, וויא עס איז אייך נור מעגליך, וואס דען פרייז אונד טעראיין בעטריפט, פערלאז איך מיך אים גאנצען אויף אייך, וויל איך ווייס דאס איהר זיינד אין דעם געשעפט זייער גוט בעקאנט, דיא זאכען פון צוועלף טויזענד רייכס טהאלער קענט איהר אויף מיך ציהען, איהר ווערט מיט דעם אים שטאנד זיין, דען האנדעל פעסט צו בעשליסען, אונ מיט דעם אויס שיקען דער (סחורה) איין אנפאנג צו מאכען, זאלט אייך וויא ווייט מעגליך, אונ איהר קענט פערזיכערט זיין דאס איך וועל מיך בעמיהען אין אנדערע ארט ווידער פאר אייערען פארטהייל צו זארגען, ווערבלייבע פערזיכערט איך אייער טרייער פריינד.

ברוך שפירריין

## 1.

### פערשידענע אנעקדאטען

צוויא מענשען האבען זיך צו זאמען געטראפפען אין איין ענגער גאס, איינער האט דעם אנדערען ניכט געוואלט אויס דעם וועג גיין, איין מאהל זאגט איינער צו דעם אנדערן, א נאר גייא איך קיינמאהל אויס דעם וועגע -- זאגט

דער אנדערער צום ערשטען: איך האָבער ניא רעכט געהאבט, אונד אינדעם וויא ער האָט דאס געזאגט מאכט ער איין פערבייגונג אונד איזט יענעם אויס דעם וועג געגאנגען.

### דיא ווינטרויבי:

איין געוויססער מאהלער האט אויפגעמאהלט איין קינד מיט איינעם קליינעס קערבעל אויף דער האנד, אין וועלכעס זעלבען ווינטרויבען געלעגען, אום דאס בילד צו ריהמען, זאגט איינער אין דער צייט ווען אהער זעלבען צוא זואאען געזעגען, דיא ווינטרויבען זעלבען זויא גוט געמאהלט, דאס דיא פייגעל האבען שוין עפט איינמאהל געוואָלט זייא פיקען, איין קלוגער פויער האט דאס פון ווייטען געהערט וויא מען ריהמט זויא שטארק דאס בילד, זאגט ער צו דעם וואס ער האט אזויא זייער געריהמט, אין (זאת) ווען דיא ווינטרויבען געווען זויא נאטירליך גוט געמאהלט, אז דאס קינד שלעכט געמאהלט זיין, וועיל דיא פייגעל האבען גאר קיין פורכט דער פאר.

## 2.

### דער פארזיכטיגער בלינדער מאן •

אין איין טונקעלע נאכט איז איין בלינדער געגאנגען אויף דער שטראסע מיט זיין לאטערנע אין איין האנד אונד דער אנדערין האנד האָט ער געטראגען איין קרוג מיט וואססער, איין שפאסמאכער האט איהם געטראָפען און האט אויס איהם זייער געלאכט, ער האט זיך אויך עפט אהער גענאנט איינהאלטען, אין זאגט צו דעם בלינדען, דוא ביסט ווירקליך איין גרויסער נאר דאס דוא טראגסט

מיט דיר איין ליכט, וואס קענן עס דיר העלפען איז דען טאג און נאכט בייא
דיר נשט איינערלייא? — ענטפערט איהם דער בלינדער מיט געלעכטער
פיר מיינעט וועגען טראג איך ניכט דאס ליכט, נור פיר נארען שעשט
איבערלעגטע מענשען וויא דוא ביזט, דאמיט זייא נאללען איך ניכט שטאססען
און נאללען מאכען דאס איך נאלל מיינען דען קרוג צערברעכען.

---

## 2.

### דיא פיר מענטעל.

אין שפיצבוב (גנב) האט זיך אריין געמאכט אין איין הויז וויא עס געגען געוועזען פֿיל שטודענטען אויף קאסט, און דער געשווינדיגקייט האט ער דרייא מענטעל געשטאהלען (גגנבת) און האט אנגעפאנגען ווייך צו גיין, אויף דיא טרעפ האט איהם איין שטודענט געטראפען, וועלכער איז געוועזען פֿון דיא שטודענטען וואס געגען אין דעם הויז געוועזען, דער שטודענט האט זיך זייער געוואונדערט איבער דיא פֿיל מענטעל, ער פֿרעגט איהם, פֿון וואנען ער האט זייא גענומען דער שפיצבוב ענטפערט קאלטבלוטיג דעם שטודענט, דיא מענטעל געהערען פֿון דיא שטודענטען. וועלכע האבען איר געגעבען דיא פֿלעקען פֿערווס צו ביהאלטען, עס איז גוט וויא פֿוג איר זייט דען קאנלער פֿון איין מאנטעל אויס, זאגט דער שטודענט צו איהם, און גיבט איהם זיין מיינע מאנטעל, ער זאגט ווייטער צו איהם אוגט איר אבער דען מאנטעל

אום דרייא אוהר ווידער ברענגען.--- עס ווערט ניט אנדערס זיין, זאגט דער שפיצבוב צוא דעם שטודענט, ער נעמט אויך דען פירטען אנטהייל און גייט אוועק ער האט זיא אבער נאך ניט צוריק געבראכט.

---

## 6.

### דאם בעקוועמטע ב״יף שטעללער.

איין יונגער מענש פון שוואכעם פערשטאנד האט געוואלט אן איינער פריינדין איין בריעף שרייבען, ער האט אבער ניט געוויסט וויא ער ער זאָללע אָנפאנגען, ער קויפט זיך איין בריעפשטעללער אונד האט פונקט געפונדען איין בריעף וויא ער האט געווינשט, ער האט איהם אין גאנצען גאר אבגעשריבען וויא ער איז געוועזען און האט איהם וועללען געשיקט, דיא פריינדין האט אויך פונקט זויא איין בריעפשטעללער געהאבט, אונד וויא זיא האט דען בריעף דארט געפונדען, האט זיא איהם אויף דעם ארט געאנטווארט, מיין הער! איך האב איהרען בריעף ערהאלטען איבער אישען זיא דאס בלאט, זויא ווערדען זיא אנטוואָרט אויף איהרען בריעף פינדען,

---

## 7

### וויטציגע אנטווארט

איין יונגער מענש האט ליב געהאט צו שלאָפען, זיין ברודער האט ליב געהאט פלייסיג ביא דער ארבייט צוא זיין, ער האט אהן קיין זאך קיין פערגעניגען

געפונען, נור אין דער ווערך שטעלל פון גיבען, איינמאהל איז דער פלייסיגער גייער פריא אויסגעגאנגען האט ער געפונדען איין בייטעל מיט געלד, ער איז געשווינד אהיים געלאָפען, אום זיינעם ברודער זיין גליק, וועלכעס האט זיך איהם געטראָפפען, פון ערצעהלען, געהסטו ברודער, זאָגט ער צו איהם וואָס אלן געווינט דערבייא וען איך פריה אויפשטעהט, גיא האָב איך איין בייטעל מיט געלד געפונדען, אין ([illegible]). ענטפערט איהם זיין ברודער, וען דער, וועלכען דער בייטעל מיט געלד געהערט האָט, שפעט פריהער אויפגעשטאנדען אלס איך גויא האָט ער דען בייטעל פסט פערלאָרען.

---

## 8

### דער פערשטענדיגער פאטער.

פון יונגע אבנער איינער גאר רייך און דער זונדערבר ארמס, האָבען געוואָלט איין אפעלבען הייראטען דער פאטער האָט גיא דעם אורזאכען געגעבען, דעם פאָטערס גוטע פריינדע האבען זיך זייער דאריבער געוואונדערט וויא דר איז אויס געפאללען גויא וואס פון טוהן, דער פאָטער האט גייא געענטפערט דער רייכער פיהרט זיך שלעכט אויף, דר קען לייכט אָרעם ווערדען, דער זוראג אָבער, דער איז פערשטענדיג און פיהרט זיך גוט אויף, קען דר לייכט רייך ווערדען.

### 9 דיא ליבע פאן איינער טאכטער, געגען איהרע מוטער

איינע פריוא פון דאאלעק האָט פערשוולדיגט דורך איין פערברעכען דאָס

אלן דאָלל זיא אונס לעבען ברענגען, דער וויל האָט אלן זיא אין איין שטארק
געפענגנים (תפיסה) אריין געוואָרפען, דאָס זיא זאָל דאָרט זייא לאנג זיצין
ביז איהר דעקרעט ווערט פערטיג זיין, דער אויפזעהער פון דער (תפיסה) איז
געוועזען געוואָרען, דאָס דיא פרויא ווירד אויך איינען שרעקליכען ארט
אויסגעבראָכט וואָרדען, האָט ער אויך איהר איטלייד געהאט, אונד האט
בעשלאָססען דאָס עס ווערט גלייכער זיין דאָס דיא פרויא זאָל פאר הונגער
שטארבען אלס זיא זאָלל אין זייא איין שרעקליכען טויט אויסגעבען, ער זאָגט דאָס
צו זייער טאָכטער דען זיא פאָלגט צו דער אויטער אין דער (תפיסה) צוא
קומען, זיא קען צו איהר זאָפט קומען, נור זיא זאָלל איהר שט איט ברענגען
צו עססען, דיא טאָכטער האָט דאָרויף איינגעווילליגט, זיא איזט זייער זאָפט
צו דער אויטער געקוממען און האָט איהר גאר שפט איט געבראכט, דען זיא
האָט געהאבען דאָס דער אויפזעהער האָט אויך איהר גראָסע אויפגיבט,
ווא עס איז וועק געגאנגען איינע צייט אונד דיא פרויא איזט שוט געשטאָרבען,
האָט זיך דער אויפזעהער פון דער (תפיסה) זייער געוואונדערט, ער דאכט
בייא זיך זיך אוב דער גיין פון וואס דיא די פרויא לעבט, ער איז אויך דער גאנגען
דאס צוא טאָכטער ערנעהערט דיא אוטער איט איהרער איינגען איגק אויס דער
ברוסט; וויא ער האָט דאָס געזעהען דאכט ער בייא זיך ער אוב דיא ערפינדונג
בעקאַנט אאכען, ער האָט עס בייא דער רעגירונג בעקאנט געמאכט, אזן
האט געלאזגט פיל פאָלק פערזאמלען און אזן האָט דאָס אונטער דעם פאָלק

בעקאַנט געמאַכט, אַז האָט אויך דער פֿרויא דאָס לעבען געשענקט, װעגען דער ליבשאַפֿט פֿון דער טאָכטער צו דער מוטטער, אַז האָט אויך בעשלאָססען דאָס זיא בײדע זאָללען אויף רעגירונגס קאָסטען פֿייטס לעבען אויפֿגעהאַלטען װערדען, און אַז האָט בייא דעם געפֿענגעניס איין הײליגען טעמפעל געלאַזט אויפֿשטעללען, אויף װעלכעס עס איז געװעזען אויס געצייכענט דיא מוטטער מיט דער טאָכטער צום עוויגען אנדענקען.

# פאבעלען

## דיא קלוגהייט

איין דורשטיגער שטאָאר (איין פֿויגעל) האָט געפֿונען איין פֿלאַס מיט װאַססער ער האָט געװאָלט טרינקען אָבער עס איז שױן אוממעגליך געװעזען, װייל דאָס װאַססער איז נור ביז אַן דעם האַלז פֿון דער פֿלאַס געװעזען, דער פֿויגעל האָט געפּרובט און האָט זיך געהױבען מיט דעם שנאָבעל אַן דער פֿלאַס צו פֿינקען, װיא איין לאָך צו מאַכען, עס איז אָבער אומזונסט געװעזען, דען דיא פֿלאַס איז שטאַרק געװעזען, ער האָט געװאָלט דיא פֿלאַס איבערװאַרפֿען, זיא װאַר איהם צו שװער, מיט איינמאָהל איזט איהם איינגעפֿאַללען איין גוטער איינפֿאַלל. װעלכעס האָט איהם געגליקט, ער האָט געבראַכט קליינע שטיינדליך אונד האָט זיי אין דער פֿלאַס אַריין געלאָזט. דורך דעם האָט ער געמאַכט דאָס װאַססער איז װאָס איין מאָהל מעהר אין דער הייך געקומען ביז ער האָט געקאָנט

מיט דעם שנאבעל צו דעם וואססער ערלאנגען.

מיט איינעם גוטען קאפף קאן מען אללעס מאכען, מען מוז נור נישט איבער דריסיג ווערען, געהט עס נישט צום ערשטען מאהל, גא מוז מען נאך איין מאהל פרובירען, ענדליך קומט מען דאך דורויף.

דער הונגעריגער אייזעל בייא דעם וואססער .

איין אייזעל איז געקומען צו איינעם וואססער, ער האט געזעהן דאס אויף דער אנדערער זייטע וואקסען שיינע דיסטלען, (דאס איז איינע פלאנצע וועלכע דער אייזעל גערען פרעסט) און איז יוסט זייער הונגעריג געוועזען האט ער גערען געוואלט דיזע דיסטעלן פרעססען, אבער וויא וואהל ער האט געקאנט שווימען, גוויז איז ער דאך פויל געוועזען, וויא זיינע געוואהנהייט איז, דאס ער גאר אריבער-שווימען, ער זאגט צו זיך געלבסט, איך וויל גוויז לאנג ווארטען און דער וויל איר דיזע געגענד אנגעהען, ביז דאס וואססער ווערט אבלויפען ער איז געבליבען ליגען אויף דעם ארט דעם גאנצען טאג, דאס וואססער האט אבער פעסט אויפגעהערט צו פליסען, דאס האט ער געזאלט מאכען? זייער אבגעמאטערט פון הונגער, האט ער זיך פעסט געקאנט אונ-טערשטיין אריבער צו שווימען, ווען ער האט אויך געוואלט. נייער טרויריג איז ער פון דאנען אוועק געגאנגען, אום זיך אויף איין אנדער ארט איין נאכט צו פאססען אויס צו זוכען, וואסטו דיך איבער איין גוטע זאך פריידען, וויא אונז דאס אויך קיינע איהמע שוידען.

### דער בער אונד דיא בינע.

איין בער וועלכער איז געשטאָכען וואָרען פֿון איינער בינע, איז זייער פֿערדריסליך געוואָרען איבער איהר, וויל זיא האָט איהם בעליידיגט איז ער הערויס געלאָפען אין דעם בינען גאָרטען, אונד וואָלטע זיך אן דיא בינען רעכען (נוקם זיין). האָט ער אלע בינענשטאָקען וואָס געווען דאָרט געוועזען אומגעוואָרפֿען, דורך דעם וויל ער האָט דאָס געטוהן, זענען דיא בינען זייער בייז געוואָרען, און זענען אלע איבער איהם געפֿאַללען, האָבען איהם אונגעפֿאַנגען פֿון אללע זייטען שטעכען, דאָס ער האָט זיך גאָר קיינע ראַטה געבען קענען, ער האָט אָנגיפֿאַנגען פֿירכטערליך צו ברואַלען אונד צו לויפֿען דאָס ער איז קוים מיט דעם לעבען ענטקוואַמען.

עס איזט בעססער צו ליידען איינע קליינע בעליידיגונג אלס איין זאָל זיך אן יעדעם רעכען (נוקם זיין) אונד זיך דאדורך נאָך גרעססערע שמערצען אנטהון.

---

### דער מילנער. זיין זאהן. אונד דער אייזעל.

איין מילנער האָט גיהאַט איין אייזעל, וועלכער איז זייער שוואַך געוואָרען פֿון דער גרויסער ארבייט. אונד וויל ער האָט פֿורכט געהאַבט דאָס דער אייזעל זאָלל שוין קרעפּירען, האָט ער זיך איינמאהל אבגעפּאַסט דאָס ער זאָל איהם פֿאַר וואָס עס איז פֿערקויפֿען, דער מילנער גיזאָגט צו זיין זעלבסטען זאהן איר וועללען דען אייזעל טראָגען אויף דער ענגער, אום דאָס ער זאָל זיך שוין אויף דעם וועג שטאַרק אבמאַטטערן. וויא זייא האָבען דען אייזעל וויא גיטראָגען אונד ער איז זייא וואָס זאָהל שווערער געוואָרען, האָבען דאָס פֿיל מענשען געזעהן געלאַכט אונד זי גזאַמען געלאָפֿען, אונד האָבען אָנגעפֿאַנגען פֿון זייא זייער צו לאַכען

אונד צו שפּאָטען, געהערט נור, דאָס זענען בריוו אייגלען, אונד דער וואָס איז
אויך דיא ברענגער איז נאָך דער קלענסטער, דען אילער האָט עס פֿער
דראָסען, אונד דער פֿערשטאַנד איז איהם ערשט אין דעם קאָפּף אריין, ער נעמט
דען זאהן אונד זעצט אויף דעם אייזל, נון האָבען זיך ווידער אנגעפֿאַנגען
מענשען דיא וואָס האָבען זייא געטראָפֿפֿען אויך זייא צו ערגערין, אונד צו
פֿערפֿריאַען, אונד זאָגען דוא ליבליכער מענש, דאַ רייטעסט דיר זייא בעקוועם
אויף דעם אייזעל אונד דער אלטער מאַן מוז צו פֿוס גיין? וויא זייא האָבען זיך
צו נאָכגינואַען אונד האָבען געוואָלט דעם אילטערס זאהן העראב טרייבען, האָט
ער איהן געלאָסט פֿון דעם אייזעל הערונטער גענואַען אונד האָט זיך העראויף
געזעצט, מיט איינמאָהל זענען לייטליכע מענשען פֿארבייא געגאַנגען, זאָגט
איינע צו דער אנדערע, דאָס זאָרעכ קינד מוז צו פֿוס גיין, אונד דער אלטער
גיזעצט זיך אויף דעם אייזעל, אונד בלאָזט נאָך זייא פֿון זיך, וויא דער אילטער
האָט דאָס געהערט, נעמט ער דען זאהן אונד זעצט איהם הינטער זיך, אונד איינט
יעצט וועט שוין קיינער מעהר אויף איהם שט האָבען אויסזוזעצען, אבער קוים
איז ער אורויס געקוואָמען פֿון דעם וואַלד, הערין זייא ווידער איין געשרייא, וואָס
פֿאר נאַררין זענען דיא מענשען, ווער וועט פֿון זייא דען אייזעל קויפֿען? ניכט
גענוג דער אראַער אייזיל מוז זאָ זוויך ווייטע ריינע אַזאַכען, הייסין זייא איהם
נאָך זאָלכע צווייא קערלס אויף זיך שלעפּין, אויסער וועט זייא ווילין דאָס פֿעל
פֿון איהם פֿערקויפֿין, דער אילטער האָט זיך דאָס אין געדאַנקען גינואַען, אונד
זאָגט צו זיך עס קען אַמגליק זיין וויא זייא זאָגען, נון זענען ביידע אראָפּ
געקראָכין פֿון דעם אייזעל מיט איינמאָל האָבען זיך ווידער מענשען אנגעטראָפֿען,
ער האָט דאָס געזעהען! דאָס איין אייזעל זאָל זיך זייא בעקוועם גיין און דיא

צו פוס, פערצייהע וויל איר דיר שענדען. אללע וועללען פון דיר לאכען, זויא באלד דוא וועסט מיט אנדערס טהון, איך וועל שוין מיט אנדערש מאכען ענטפערט זייא דער אילנער זייער אונגעדולדיג עס איזט שוין גענוג דאס גירעדען פון יעדען בעזונדער, איך האב געוואָלט, אללע זייער וויסען גענוג טוהן, אובער וויא איך געה האב אויך איך בענאורעשט, פון יעצט אן האט ער זיך שוין מיט עלהר אויף קיינעם אויסגעגעבען, אונד האָט געטוהען וויא עס איז איהם געפאללען, אונד עס איז אויך גוט געוועזען.

---

**דיא נאז און די הענד.**

עס איז איינער געוועזען, דער האט געהאט זויא איין גרויסען נאז דאס זיא איז (שיעור) אזויא גרויס געוועזען וויא דאס געזיכט, אלע טאג האט ער געברויכט איין האלב פונט שנופ טאבאק, אבער לייד'ער, לויט וויא עס צו גייט אין דער וועלט דאס קיינער לעבט נישט אוהן (קנאה) אונד אוהן פיינד זויא איז אויך געוועזען צווישען דער נאז אונד דער האנד, איינמאהל זאגט דיא האנד צו זיך זעלבסט, ווען איך וואלט יעצאונדען בעדינט וויא איך פערשטייא, וואלט איך ניט געזארט אבער אנאוג! יעדען אויגענבליק גייא איבער דער טאש אונד דער לאנג איהר טאבאק, היט זיא אב דאָס זיא זאָלל ניט אנלאס קריגען, אונד וויא פיהל מאהל מוז איך זיא אבווישען! האָט דען דיא האנד נישט מעהר צוא טוהן, נאר דיא נאז אב צוא היטען? איך וואָס איך בעזארבייט זויא פיל גרויסען ווערקע (ביכער) אונד דער דורק פערשאוף איך איר איין גרויסען רוף (שם), אין דער וועלט? ווארט נור דוא שיין נעגיל, איך וועל דיר שוין בעצאהלען

דיא האנד האט אויך געפֿונען איין איזעל, דער נאך עפעס אב צוא
טוהן, דיא האט איהר גיגעבין אנשטאט טאבאק איין אנדערע זאך, אז דיא נאז
הייבט דאס לט אן צו לסען, צו שנארכען, ניט אנצובלאזין, ביז דיא אויגען
(שכנים) האבען אנגעהויבין אויס איטלייד (רחמנות) צוא וויינען, אונד דאס
אייל האט גייער ביטערליך גישריען, דיא האנד וואס האט שולד געהאט אן
דער גאנצער זאך, האט ניט דער וויל בעהאלטין אין דער טאשע, דיא האט
געשפעט אונד גילאכט פֿון איהר, נאך דען לאנגען ניסען אונד שיסען איז דאך
וואס איינמאל דיא נאז שטילער געווארין דיא איז אבער אנגישוואלין אונד קראנק
געווארען, דער אגנס, דער וואס האט די נאז גייער בעדווערט, האט גיצוואונגין
דיא לייבט גינוגע האנד דאס דיא גאלל דיא נאז בעדינגען, איהר דיא פֿליגען
אבצוגין אונד נאך אנדערע זאכין טוהן וואס איהן האט געברויכט. —— עס איז
אצונד אאוגוסט גיוועזען דאס בעקלאגין ניט פֿון דער האנד אויך דער נאז
דאס עס איהר יעצט וויט ערגער ווי פֿריהער, אונד דער צו ווער דיא נאך שט
געווען צו פֿרידען, דיא האנד האט פֿון טרויעריגען צופֿאלל גילערינט, אונד האט
ניט איינמאהל פֿאר אללע אמאל פֿארגינואגען, ווייטער שוין קליגער צוא זיין,
אונד קיינעם איהר קיין שאדען צו טוהן.

---

### דער ניט צוא פרידענע איזעל.

איין איזעל האט ניט געווינשען אין איין גייער קאלטין ווינטער, דאס עס זאל
שוין וויא זאגעשווינדעסטען פֿריהיאהר ווערדען, אום דאס ער זאל קענען דיא
ווארימע לופֿט גענייסען, און פֿריש גרינעס פֿרעססען, דען אין דעם שטארקען ווינטער

האט ער געזוכט פֿערליב נעמען מיט בלויז שטרויא אונד איין קאלט נאכטלאגער. דיזע לופט איז ווארעמער געוואָרען, אונד עס האט יונג גראז געוואקסען, עס האט זיך אָבער אין דער צייט (דאס צו פֿריהיאהר) ווידער פֿערשידענע ארבייט געפֿונען, וועלכען דער איינזידל האָט געזוכט פֿערריכטען, אונד זיא איז איהם באלד זייער איבער דריסיג געוואָרען וויא דער ווינטער, דאָס ער האָט ווידער זייער געווינשען דאָס עס זאָל נור שוין ווארעמער זיין! — נון איז אויך דער ווארעמער געוואָרען, אָבער אויך באלד מיט דעם שפעט, דער איינזידל האָט געזאגט, אללעס וואָס האָט אויף דעם פֿעלד געוואקסען אהיים שלעפען, באלד האט ער געזוכט קארן אין דער איהל טראגען, ער האָט שרעקליך בעגיפֿט איבער דעם זוממער אונד האָט זייער געווינשען דאָס הערבסט (יעשען) זאָל שוין זיין.— ענדליך איז אויך שוין הערבסט געוואָרען, עפעל, ווינטרויבען, אונד אנדערע פֿריכטען (פירות) זענען צייטיג געוואָרען, האלץ, אונד אנדערע זאכען אין פֿארראט אויף דעם ווינטער האָט ער געזוכט איינזאמלען, ביז דעם אללעס האָט דער איינזידל געהאט בעשטענדיג צו טוהן, יעצט האט ערשט דער ארמע איינזידל געזעהען דאס דיזע פֿאָריגע ארבייט איז ניט צו פֿערגלייכען צו דער יעצטיגען ער האט אנגעהויבען מיט איינער קלענגליכע שטימע (קול) צו בעטען דאָס עס זאָללע נור וויא זאָ געשווינדעסטען ווינטער ווערען דען ער האָט געהאָפֿט דאס ער ווערט זיך קענען אויסרוהען.

---

דער איינזידלער (פוסטעלניק) און דער בער.

איין איינזידלער האָט זיך איין יונגען בער אויפֿגעצויגען, ער האט איהם

דורך פיל מיה אונד שלעגע זויא געלאססין געמאכט, וויא איין הונד, אפטמאהל האט דער בער דעם איינזידלער ווילדע טהירען (חיות) היים געבראכט וועלכע ער האט אין דעם וואלד געפאנגען, ער האט איהם געבראכט האלץ אונד וואססער, אויך האט ער איהם זיין בודע אָבגעהיט, קורץ ער האט איהם אין אללעם געדינט וויא איין בעדינטער, איינמאהל אים זומער האט זיך דער איינזידלער שלאפין געלייגט אין גראז, נעבען איהם איז דער בער געלעגין, אונד האט איהם דיא פליגען אבגעיאגט, דען עס זענען ארום דעם איינזידלער זעהר פיל פליגען געוועזין, אונטער דיא פליגען איז איינע געוועזין, וועלכע דער בער האט געוויס איבער צעהען מאהל וועג געטריבען אונד זיא איז ווידער צוריק געקומען, וויא דיא פליג איז ווידער איין מאל געקומען אונד האט זיך דעם איינזידלער אויף דעם שטערין געזעצט, זאגט דער בער צו דער פליג ווארט איך וועל דיר דא באלד בעצאהלען, וויא ער האט דאס געזאגט נעמט ער איין גרויסין שטיין צילט ריכטיג אונד צערשמעטערט דיא פליג, אבער אויך דעם קאפף פון דעם ארמען אלטען איינזידלער.

זוך דיר נישט איין דומען אודער רוהען מענשען צו דיינעם פריינד? ווען ער האט אויך דען בעסטען ווילען צו דיר, ער קען אפט זעהר שאדען, אלס דער ערגסטער פיינד.

---

### דער פאלשער אייזיל

דרייא יונגע מענשען זיינען געגאנגען אין וועג, זייער ארעם, אין גרעסטען נויט, מיט איינמאל זעהען זיא אויפען וועג אן אגייט ליגט איין פויער,

אונד נעבען איהם זיין עזעל בעלאודען מיט הייא אונד האָבער, אונד דיא
לייצען הערום געבונדען, הערום דיא הענד פון פויער, איינער פון דיא יונגע
מענשען גזאָגט צו זיינע קאָמפאניאן, ברידער, עס איז מיר איינגעפֿאללען איין
זין וואָס מיר וועלען אין אונזער נויט וואס פֿארדינען, דאס הייסט איך וועל מיר
שטעלען אויף אלע פֿיר, אויף דער ערד, אונד איר ברידער נעמט הערונטער
זייער לייכט פֿון עזעל דיא הייא און האבער, אונד לייגט הערויף אויף מיר, נעמט
איבער דעם עזעל, אונד פֿיהרט גלייך אויפֿין מארק, אונד פֿערקויפֿט ווארט איהם
מיר אב באָרטין צו גזאָגען, אונד איך וועל זיין אונגעזאָגט אויך אונטער קואלען,
אונד איך וועל זיין וויסען דאס וויא מיט דעם פויער זאָל צוא האנדלען, דיא
צווייא האבען אזויא געטאהען, אונד האבין דעם עזעל מיט גיפֿירט, אונד גלייך
אויפֿין מארק פֿערהאנדעלט, דער וויל האט זיך דער פויער אויף גיוואכט, ער
זעהט און שטאט זיין עזעל ליגט איין מענש אויף אללע פֿיר, אונד דיא הייא
אונד האָבער אויף איהם, אונד קרייכט פֿון שווערינקייט, וואָס אויף איהם ליגט,
דער פויער זאָגט צו איהם ווער ביסטו דען, וויא קומסט דוא אהער, וואו איז
מיין עזעל? ליבער פֿריינד זאָגט דער יונגער מענש, האָב מיט ליידען מיט מיר,
נעם פֿריהער הערונטער דיא משא פֿון מיר דער נאך וועל איך דיר דער צייהלען
אונגליקליכע געשיכטע מיט מיר איז דער פויער האט הערונטער גינומען פֿון איהם
דיא גאנצע שווערינקייט אונד דער פויער איז נייגעריג צו הערין פֿון איהם
דעם וואונדער וואס ער וויל איהם דער צייהלען, אום ער זאָל וויססען וואס דער
ער איז מיט זיין עזעל — הער צו ליבער פֿריינד, זאָגט דער וואס האָט זיך
פֿערשטעלט פֿאר זיין עזעל צוא דעם פויער, איין פֿאָטער איז געוועזען איין

צויבערער (מכשף) איין מאָל בין איך איהם ניט געוועזען געהאָרכזאם, איז ער געוואָרען אויף מיר בייזער אונד האָט מיר פֿערשאָלטען אויף זעקס יאהר פֿיר איין עזעל. איז היינט ריכטיג אויס דער טערמין פֿון דיזע זעקס יאהר בין איך ווידער געוואָרען איין מענש וויא געוועזען, דרום ליבער פֿריינד, האָב מיט ליידען מיט מיר, אונד שיינק מיר וואָס פֿון דיין גוט הערץ, איך זאָל האָבען מיט וואָס צו קויפֿען דער וויל צום ערנעהרען, ווייל איך בין געוועזען איין עזעל, איז היי אונד האָבער פֿאר מיר איין שפייז געוועזען, אָבער ניט איצט אַז איך בין שוין ווידער איין מענש. דעם פויער איז דאָ געוואָרען זייער שלעכט, האָט איהם געגלויבט געבען איינע גילדען אויף קאָסטען אויפֿין וועג. אונד אליין איז ער אוועק אויפֿען מאַרק זיין אנדער עזעל צו קויפֿען, דער פויער איז געקומען אויף דעם מאַרק דער האָט דורך געזעהען אייניגע עזעלען אונד איז שוין צו רעכט געקומען מיט דעם פרייז (מקח) ענדליך וויא ער איז געגאַנגען ווייטער האָט ער דער געזעהען ביים איין עזעל הענדלער זיין עזעל וואָס ער האָט לאַנג געהאַט, אהא! זאָגט דער פויער צו דעם עזעל, דו האָסט דיר שוין ווידער צו פּאַנקט (צו קריגט) מיט דיין פֿאָטער אונד ער האָט שוין דיר ווייטער פֿערפֿלוכט צו זיין איין עזעל, אה! ניין איך וועל דיר שוין ניט קויפֿען, מיט צויבערער האָב איך פֿיינט צו האַנדלען, איך האָב דאָ געמיינט ווייטער אין איין אונגליק אריין פֿאַללען וויא דעם ערשטען מאָהל, גיי דו אַנדערשער ענזעל קויפֿען.

---

# פַאמִילְיֶען בְּרִיעף

## 1.

### הויכְגֶעשֶׁעטְצְטֶע אוּנְד בֶּעסְטֶע עֶלְטֶערְן

מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אוּן פֶערְגֶעניגֶען גְרֵייפֶע אִיךְ יֶעצְט דִי פֶעדֶער
אִין מַיינֶער הַאנְד , אַייךְ בֶּעסְטֶע עֶלְטֶערִין , מַיינֶע אִינְנֶערְלִיכֶע גֶעפִי-
לֶען אוֹיס צוּ דְרִיקֶען , אוּן מַיין יֶעצְטִיגֶען שְׁטַאנְד , וְויא וַויט מֶעגְלִיךְ אָפּ
צוּ מָאלִין . אִיהְר וַויסְט דָאךְ , לִיבֶּע עֶלְטֶערִין , וְויא הַארְצְלִיךְ אִיךְ בִּין
פֶערְבּוּנְדֶען פָאהְן מַיין יוּגֶענְד אָן צוּ אַייךְ , אוּן צוּא אוּנְזֶער גַאנְצֶען הוֹיז
גֶעזִינְד : אַז אֲפִילוּ אֵיין טָאג צוּ פַאר בְּרֵינְגֶען אִין אֵיין אוּם בֶּעקַאנְטֶע
גִיזֶעלְשַׁאפְט וַואר מִיר שְׁוֶוער , יֶעצְט שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר דָאס אִיךְ מוּז
פֶערְבְּרֵיינְגֶען אִין אֵיין פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט צְווִישִׁין אוּנְבֶּעקַאנְטֶע מֶענְשִׁין
אָהְנֶע הָאפֶענוּנְג אַייךְ אַזוֹי שְׁנֶעל צוּ זֶעהְן , דַארוּם וֶוען אִיר וֶועט זִיךְ
דָאס אַלֵיין נוּר פָארְשְׁטֶעלִין הָאבּ אִיךְ אַייךְ שׁוֹין מֶעהְר פוּן דֶעם גֶעגֶע-
נְשְׁטַאנְד נִיט וָואס צוּ שְׁרַייבֶּען , דֶער אֵיינֶער פַאקְט קֶען אַייךְ שׁוֹין אַלֶעס
עֶרְקְלֶערִין . יֶעדֶער שְׁמֶערְץ אָבֶּער הָאט זַיין הִילְפְּסְמִיטֶעל , אוּן אִיךְ הָאבּ
אוֹיךְ דָאס אֵיינֶע גְלִיק אוּן טְרֵייסְט , וָואס גָאט הָאט מִיךְ גֶעבְּרַאכְט צְווִישִׁין
הֶעכְסְט אָרֶענְטְלִיכֶע אוּן אֵיידֶעלֶע מֶענְטְשִׁין , נוּר עֶס בְּלַייבְּט מִיר גֶעדוּ-
לְדִיג בְּלַייבִּין בִּיז דָאס נַייעֶ לֶעבֶּען וֶועט אִין דֶער גֶעוואֹנְהַייט קוּמֶען ,
וַוייל דִיא גֶעוואֹנְהַייט אִיז דִיא צְוַוייטֶע נַאטוּר , אַייךְ אָבֶּער לִיעבֶּע
עֶלְטֶערִין , הָאבּ אִיךְ צוּ בֶּעטִין אִיהְר זָאלְט מִיר וַויינִיגְסְטוּנְס דֶעם פֶער-
גְנִיגֶען צוּטְהֵיילֶען אוּן מִיר אָפְט פוּן אַייעֶר לִיבֶּען גֶעזוּנְד אוּן שְׁטַאנְד
שְׁרַייבֶּען , אִיךְ הָאפְּפֶע אַז אִיהְר וֶועט מַיין בִּיטֶע אוֹיס פָאלְגֶען , אוּן
אוּן בְּלַייבּ אַייעֶר טְרַייעֶר זָאהְן :

יוֹסֵף שְׁוַוארְץ

אִיךְ גְרִיס הֶערְצְלִיךְ יֶעדִין אַיינְצִיגֶען פוּן אוּנְזֶער פַאמִילְיֶע .

## 2.

## מַיין פִיל גֶעלִיבְּטֶער זָאהְן.

דַיין לִיבִּין בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטִין, אִיךְ בִּין אָבֶּער נִיכְט אִין שְׁטַאנְדֶע דִיר מַיין לִיבּ קִינְד אוֹים צוּ שְׁרַייבִּין דֶעם פֶּערְגְנִיגֶענְד וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז פֶּערְשַׁאפְט מִיט דַיינֶעם שְׁרַייבִּין, גִילוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס דוּ גֶעפִינְסְט זִיךְ אַיין צְוִוישִׁין אֵיידֶעלֶע מֶענְשִׁין, אַלְזָא מַיין לִיבּ קִינְד זָאלְסְט זֶעהְן פוּן דַיינֶער זַייטֶע זֵייא צוּ פְרִידֶען צוּ שְׁטֶעלִין. נֶעמְלִיךְ, גֶעהְן בְּדֶרֶךְ הַיָשָׁר, אוּן מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייט זֶעהְן אַז מֶען זָאל פוּן דִיר צוּ פְרִידֶען בְּלַייבֶּען. פַארְגֶעס נִיט מַיין לִיבּ קִינְד אַז מֶען מוּז אִיבֶּער הוֹיפְּט קֶענֶען אִין דֶער וָועלְט הַארְמָאנִירֶען מִיט מֶענְשִׁין, אוּן וָוען אַיין יוּנְגֶער מֶענְשׁ אִיז נָאךְ גֶעוואֹנְלִיךְ אוּהְן עֶרְפַארִין אוּן מוּז זִיךְ לָאזֶען פוּן עֶלְטֶערֶע מֶענְשִׁין בֶּעלֶערִין, וַוייל דִיא עֶלְטֶערֶע מֶענְשִׁין זַיינֶען נַאטִירְלִיךְ פְּרַאקְטִיצִירְט אִין יֶעדֶער זַאךְ וֶועלְכֶע זֵייא אוּנְטֶערְנֶעמֶען. וֶועגִין דַיין פֶּערְלַאנְג דִיר אָפְּט צוּ שְׁרַייבִּין מוּז אִיךְ דִיר בֶּעמֶערְקוּן, מַיין טְהַייעֶרער זָאהְן, אַז אִיךְ וָואלְט דִיר אַזוֹי אוֹיךְ צוּ לִיבּ גִיטָאן מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייט, נָאר אַזוֹי וִויא דִיר אִיז בֶּעקַאנְט וִויא בֶּעשֶׁעפְטִיגְט אִיךְ בִּין אִימֶער, וואוּנְדֶערְט מִיר וָואס דוּא פָאדֶערְסְט דָאס פוּן מִיר, פוּן דֶעסְט הַאלְבּ וֶועל אִיךְ זֶעהֶען מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייט דִיר צוּא שְׁרַייבֶּען אַלֶע וָואךְ, פוּן מִיר דַיין טְרַייעֶר פָאטֶער וָואס וִוינְסְט דִיר גִיזוּנְד אוּן גְלִיק.

אַבְרָהָם שְׁוַוארְץ.

דַיין מוּטֶער אוּן דִיא גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע גִירִיסִין דִיךְ הֶערְצְלִיךְ.

## 3.

נוּיָארְק דֶען 24 טֶען מַייא 1897

וָואהְל גֶעשֶׁעצְטֶער פָאטֶער:

פֶּערְצַייעֶ מִיר וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר בִּיז יֶעצְט נִיט גִישְׁרִיבֶּען, דָאס אִיז אַלֶעם גִיוֶועזִין וַוייל אִיךְ הָאבּ נִיט גִיהַאט קַיין גוּטֶע נַייעֶס, דוּא קֶענְסְט דִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין וִויא מִיר אִיז, אִין אַיין פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט אָהְנֶע פְרַיינְד

און בעקאַנטע , דאס וועלבע פּרעמד אין דיא שפּראַכע · אָהנע בילדונג און אָהן איין פּראָפעסיאָן · איז מיר זייער שווער דורך צו קומען · איך האב מיר שוין גיהאַט גינומען צוא אַלעס וואס מיר איז צו דער האַנד גיקומען . אונד בייא אַלע אונטער-נעמונגען קיין גליק גיהאַט . איך קען ניט גיפינען קיין בעשעפטיגונג וואס איך זאהל דורך דעם קענען צו עטוואס קומען · דרום ליבער פאטער שרייב מיר אויב איך קען צו הויזע קומען·און פילייכט וועל איך ביי דיינע בעקאַנטע אַרבעט בעקומען · פערבלייב גיזונד און גליקליך נאך דעם וואונש פון דיין זאהן וועלכער ערוואַרטעט איין פריינדליכע אויף נאמע ·

אפרים זילבערשטיין ·

4.

ווילנא דען 5 טען יון 1897

בני היקר מו״ה אפרים נ״י ·

דיין בריעף האב איך ערהאַלטען , דו בעקלאגסט זיך אויף דיין שלעכטען שטאנד , הנם איך ווייס אַז דוא האסט זיך צו דיין שלעכטע לאגע אַליין גיבראַכט, נאר איך אַלעס פאטער האב גיוויס דער פון גרוס פערדרוס , נאהר וואס קען איך דיר העלפען ? דוא ווייסט זעלבסט דיא וואַרהייט , אַז איך האב אַלעס גיטאַן פון דיינעט וועגין וויא פיעל נאר מיין מעגליכקייט איז גיוועזן , איך האב גיצאַלט לעהרער , זייא זאהלען דיר לערנען אַלעס וואס נייטיג איז , און האב דיר פאַרגישטעלט , און ערקלערט , וויא גליקליך דיא בילדונג מאכט דעם מענשען , און וויא אונגליקליך דער אונוויסענדער מענש איז , ער איז זיך אַליין ניט נוטציג און נאך ווינציגער דעם אַנדערין , און איז איבער הויפט איין איבעריגער מענטש אין דער גיזעלשאפט , און פאַלט צוא לאסט דיא איבעריגע מענשען און מוז לעבון אויף זייער רעכענונג , איך האב דיר גאנץ אָפט דאס ערקלערט , און דוא האסט מיר ניט גיוואָלט פאָלגען , יעצט איז

דיר שלעכט ? דו געפינסט ניט קיין פראפעסיאן פאר דיר · ווייל שרייבין, רעכענען , קענסטו ניט , קיין האנדווערג האסטו זיך אויך ניט געוואלט לערנען , אלזא צו וואס קענסטו נוטצען ? עס איז גאר קיין וואונדער ניט , דיין יוגענד האסטו פערנאכלעסיגט , קיינע עלטערין און לעהרער ניט געפאלגט , יעטצט קומט דיר אלעס צו דיא אויגען , איך פערשטעה מיין ליב קינד , אז דו בערעכענסט דאס יעטצט גאנץ גוט , אבער זעהר שפעט , פון דעסט וועגין , אויב דו האסט ווירקליך חרטה אויף דיין שלעכטין אויף פירין זיך , איז נאך ניט אלעס פאר פאללען , דו קענסט קומען צו הויזע און איך וועל פון דיינט וועגין אללעס טאהן . כ"ד אביך ...

5,

לכבוד אבי היקר מחמד נפשי מו"ה יצחק נ"י.

טהייערסטער פאטער דיין געפיעלפאללען בריעף פון יוני דעם פערטען האב איך ערהאלטין , איך קען דיר גאר ניט אויס שרייבין וואס פיר איין איינדריק דיינע זיססע שטראפרייד אויף מיר געמאכט האבין , איך האב מיינע יונגע יאהרין פאר לאזט , און איך בערייע דאס יעצט , נאהר יעצט דאנקע איך דיר , ליבער פאטער טויזענט מאהל , פאר דיין גוט הארציגקייט וואס דו קערסט מיר ווידער צוריק דיין דער בארימקייט , און ביסט מיר ווידער מקרב אזוי וויא איין פאטער איז מקרב זיין ערדענטליכעס קינד , גלויב מיר מיין טהייערער פאטער , אז איך וועל פאר געוויס זעהן מיט מיינע אללע קרעפטין זיך גוט אויף צו פירין · און פאר בעסערין דאס וואס איך האב פארזעהן .

פון מיר דיין זאהן נאס ווינשט דיר געזונד און גליק .

5.

נויארק (אמעריקא) דען 30 טען אקטאבער 1890

לאמי היקרה והחסידה מרת רחל שתחי' עמוע"ש.

ערשטענס מעלדע איך דיר , ליעבע מוטער , אז דען 20-טען

דעקאבער בין איך גיקוממען אין נויארק און האב זיך באלד הערומגע
קוקט וויא פעהלערהאפט איך האב געהאנדעלט מיט דעם וואס איך האב
דיך ניט געפאלגט · און האב מיר געלאזט פון לייכטזיניגע מענשין פאר-
פירען און האב געגלויבט אז אין אמעריקא וואלגערט זיך גאלד אין דיא
גאססען און מען דארף זיך נאר איינבויגין עס אויף צו הייבען · יעטצט
געפין איך פר ניט ריכטיג, עס איז וואר אז דא איז איין פרייעה לאנד וואו
דער יוד האט אלע מענשליכע רעכטע גלייך מיט אלע איבעריגע
נאציאנען , נאר אום צו וועלין מאכען אריזע אין אזוי אוויטער וועלט-
טהייל מוז מען זיך פערזארגין ניט נור מיט גידולד , אז מען זאהל קענען
בייא זיך בעשליסען אויף עוויג אפגעטהיילט צו ווערין פון גיבורטס-
לאנד, וואו יעדער שטיקעלע ערד , יעדער גרעזעלע , יעדער בוימעלע
איז ליעב · צו זאמען מיט עלטערן , בעקאנטע, קיין מאל מעהר דיא
גילעגענהייט צו האבין זיך אמאל ווידער צו זעהן ; און נאך דיא אללע
שווערקייטען, מוסס מאן זעהן דיא שפראכע צו קענען , און אויך מיט
עטוואס זיין איין שפעציאליסט, זאנדערען קומט פאר יענעם אזוי ביטער
פאר , אזוי וויא מיר יעטצט , איך קען דיר גאר ניט , ליעבע מוטטער ,
הערום שרייבען אללע איינצילהייטען פון מיין יעטצטיגע לאגע , דאס
ערשטע וויל איך דיר קיין פערדרוס ניט צוטהיילען, אויך ערלויבט מיר
ניט דיא צייט , איך בעט דיר ליעבע מוטטער האב אויף מיר מיטלייד
און פארגיב מיר אויף מיין אונבעזאננענהייט אונגיב מיר איין ראט וויא
אזוי איך קען צו תוחע קאממען קיין רוססלאנד און שרייב מיר באלד
אנטווארט · פון מיר דיין זאהן וועלכער ערווארטעט אנטווארט חיים ·
איך גריס פריינדליך מיינע שוועסטער ברידער און אללע בעקאנטע

5.

ווארשא דען 20 טען יאנואר 1890

בני היקר אהב נפשי מו"ה חיים נ"י ·

דיין ליבען בריעף האב איך ערהאלטען · עס טוט מיר וויא מיין

הַארץ איבּער דַיין שְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע. נָאר וָואס קֶען איך דיר הֶעלְפֶען? גֶעווִיס, וָוען דוּא זָאלְסְט גֶעוָועזֶען מִיךְ פָאלְגֶען וָואלְסְטוּ צוּ דִיא שְׁמֶערְצִין נִיט גֶעקוּמֶען, נָאר וָועגִין דֶעם וָואס דוּא בֶּעטְסְט מִיר אוּם פֶערְצַייאוּנְג, הָאסְטוּ שׁוֹין בַּייא מִיר גֶעפוּעֶלְט. אוֹיךְ דוּא הָאסְט דָאךְ מִיר מִיט דַיין אָבְוָועזֶענְהַייט פִיעלֶע שְׁמֶערְצֶען פַאר שַׁאפְט נָאר נִיט יֶעטְצְט איז דִיא צַייט נָאטִיצוּן צוּ שְׁרַייבִּין. דַאן וָוען דֶער מֶענְשׁ טְרַיינְקְט זִיךְ איז נִיט דִיא צַייט אִיהְם צוּ שְׁטְרָאפִין, נָאר מֶען מוּז אִיהְם אוּנְגֶענְבְּלִיקְלִיךְ, וִויא וַוייט מֶעגְלִיךְ איז, אַרוֹיס הֶעלְפֶען. אַלְזָא מַיין לִיעבֶּער זָאהְן איך וָואלְט גִיוִויס גֶעוָואלְט מִיט מַיין גַאנְצִין הַארְצִין דִיר אַיין רַאט צוּא גֶעבִּין, נָאר מִיט וָואס קֶען איך דִיר הֶעלְפֶען אַז איךְ בִּין אַזוֹיא אָרֶעם? איךְ זָאהל הָאבֶּען דִיא מֶעגְלִיכְקַייט וָואלְט איך דִיר גֶעשִׁיקְט בַּאלְד אוֹיף רַייזֶע קָאסְטִין, נָאר אַזוֹיא וִויא דוּא וַוייסְט אַלֵיין. דִיא וַוארְהַייט אַז איךְ בִּין נִיט פַאר מֶעגְלִיךְ, מוּסְט דוּא מַיין לִיבּ קִינְד, גֶעדוּלְדִיג בְּלַייבִּין, בִּיז דוּא וָועסְט דִיר מִיט דַיין אָרֶענְטְלִיכֶען טְרַייד אוֹיף רַייזֶע קָאסְטִין פֶערְדִינֶען דֶער הוֹיפְּט זַאךְ מַיין לִיעבּ קִינְד, זֶעהְן זִיךְ אָרֶענְטְלִיךְ אוֹיף פִירֶען וָועסְט דוּא גֶעשֶׁעצְט זַיין בַּיי יֶעדֶען. איךְ בֶּעט דִיר דוּא זָאלְסְט אָפְט שְׁרַייבִּין דַיין דִיךְ לִיבֶּענְדֶע מוּטֶטֶער רָחֵל.

דַיינֶע בְּרִידֶער, שְׁוֶועסְטֶער, אוּן אַלֶע בֶּעקַאנְטֶע גִירִיסֶען דִיר זֶעהְר פְרַיינְדְלִיךְ. אוּן דַאנְקֶען דִיר פַאר דַיין פְרַיינְדְלִיכֶען גְרִיס.

## 8.

קָאוְונָא דֶען 2 טֶען נָאיַאבֶּער 1890

לִכְבוֹד דוֹדִי הַיָקָר הַמְפוּרְסָם כש״ת מו״ה אָשֵׁר נ״י.

עֶס וואוּנְדֶערְט מִיר זַייעֶר וָואס עֶס איז שׁוֹין דְרַייא וָואכִין פָארְאִיבֶּער אוּן הָאבֶּע פוּן אַייךְ קַיין בְּרִיעף נִיכְט עֶרְהַאלְטֶען דְרוּם לִיעבֶּער פְרַיינְד בִּין איךְ זַייעֶר בֶּעזָארְגְט וָועגִין אַייעֶר בֶּעפִינְדוּנְג אוּן בֶּעט אַייךְ אַז גְלַייךְ בַּיין עֶרְהַאלְטִין פוּן מַיין שְׁרַייבִּין, צוּ בֶּערוּהִיגֶען מִיר מִיט אַיין בְּרִיעף

פוּן אַייעֶר בֶּעפִינְדוּנְג דֶען אִיךְ בִּין נִיט אוּם שְׁטַאנְדֶע אַייךְ צוּ בֶּעשְׁרַייבִּין מַיינֶע שְׁמֶערְצִין וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן אַייעֶר נִיט שְׁרַייבִּין, פִילַייכְט זֶענְט אִיהְר בֵּייז דֶער פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ בִּיז יֶעטְצְט נָאךְ נִיט אָפּ גִישִׁיקְט דִיא עֶטְלִיכֶע רוּ״ב וָואס אִיךְ בִּין אַייךְ שׁוּלְדִיג, וַוייסְט אִיהְר דָאךְ זִיכֶער אַז דִיא גֶעלְט אִיז אַזוֹי וִויא בַּייא אַייךְ, נָאהר אִיהְר מוּזְט מִיר נָאךְ צוּא וַוארְטִין בִּיז עֶס וֶועט זַיין צוּ עֶנְדֶע דֶער קָאנְטְרַאקְט, דַאן וֶועל אִיךְ אַייךְ דִיא שׁוּלְדֶען מִיט דַאנְק אָפּ שִׁיקֶען. וִויא אִיהְר וַוייסְט אִיז דָאךְ דָאס נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל וָואס אִיךְ בְּלַייבּ אַייךְ שׁוּלְדִיג גֶעלְט, הָאט אִיהְר דֶען וֶוען פֶערְדְרוּס גִיהַאט אוֹיף מִיר? וִויא אִיךְ וַוייס זַייט אִיהְר דָאךְ אוֹיךְ אֵיין סוֹחֵר אוּן וַוייסְט אַז עֶס קוּמֶען פַאר אַלְלֶערְלַייא צַייטִין, וָואס קֶען מֶען מַאכֶען אַז יֶעטְצְט לָאזְט זִיךְ גְרַאדֶע נִיט וִויא מֶען וִוינְשְׁט? אִיךְ דַיינְק אִיהְר הָאט נִיט וָואס אִיבֶּער צוּ קְלֶערִין אוּן בֶּעט אַייךְ גְלַייךְ צוּא אַנְטְוָוארְטִין. אַייעֶר טְרַייעֶר פְרַיינְד יוֹסֵף רָאזֶענְבּוֹים.

9.

אַדֶעסְסָא דֶען 7 טֶען נָאוֶועמְבֶּער 1890

לְבֶן אֲחוֹתִי הַיָקָר הַמְפוּרְסָם מו״ה יוֹסֵף נ״י.

דַיין שְׁרַייבֶען פוּן 2-טֶען דִיזֶען מָאנַאטְס הַאבֶּע אִיךְ עֶרְהַאלְטֶען אִיךְ דַאנְקֶע דִיר בֶּעסְטוּנְס מַיין גוּטֶער פְרַיינְד וָואס דוּא אִינְטֶערֶעסִירְסְט זִיךְ צוּא וִויסֶען פוּן מַיין גִיזוּנְדְהַייט וָואס דוּ בֶּעשׁוּלְדִיגְסְט מִיר אַז פִילַייכְט בִּין אִיךְ בֵּייז פַאר דִיא עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל וָואס דוּא בִּיסְט מִיר שׁוּלְדִיג אִיז דָאס זַייעֶר דוּם פוּן דִיר, וָוארוּם זָאהְל אִיךְ דֶען דָאס אַזוֹי דֵיינְקֶען אִיז דֶען דָאס דֶער עֶרְשְׁטֶער מָאל וָואס אִיךְ הָאבּ בַּייא דִיר גֶעלְט? אִיךְ קֶען זִיךְ אוֹיף דִיר נִיט בֶּעקְלָאגֶען, דוּא בִּיזְט אַיין זֶעהְר בְּרַאוֶוער-אָרֶענְטְ-לִיכֶער מַאן, נָאר דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר בִּיז יֶעטְצְט קֵיין בְּרִיעף נִיט גֶעשִׁיקְט אִיז דָאס דֶער פַאר וַוייל אִיךְ בִּין זֶעהְר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט, אִיךְ גֶערִיסֶע דִיר פְרַיינְדְלִיךְ אוּן וִוינְשֶׁע דִיר גְלִיק אִין דַיינֶע אוּנְטֶערְנֶעמוּנְגֶען.

דַיין אָנְקֶעל אָשֵׁר רֶעוֶוענְטַאהְל.

## 10.

## לְגִיסִי הַיָקָר הַמְפוּרְסָם כש"ת מו"ה דָנִיֵאל נ"י.

דיין שְׁרַייבִּין עָרְהַאלְטֶען עָס פְרַייט מִיר זֵייעָר צוּ הֶערִין וָועגִין דַיין בֶּעפִינְדוּנְג אוּנד גוּטֶען שְׁטַאנְד. נָאר מַיין לִיעבֶּער שְׁוָואגֶער פַאר וָואס זָאלְסְטוּ נִיט טָאהְן מַיין פֶערְלַאנְג וָואס דוּא הָאסְט מִיר פַאר שְׁפְּרָאכֶען אִין קִיעֶוו בַּיין אָפְּמַאךְ? פֶער גֶעס נִיט אַז אִיךְ הָאבּ פָאהְן דַיינֶעטְוָועגִן אוֹיךְ אַמָל עֶטְוָואס גֶעטְאן, גֶעוִויס אִיז עָס מִיר אוּנְאַנְגִינֶעם דִיר דָאס צוּ עֶרְאִינֶערִין וַוייל דִיא פְלִיכְט פוּן יֶעדִין מֶענְטְשֶׁען אִיז מִיט אַלְלֶע מֶעגְלִיכְקֵייטֶען אַגִיפַּלְלֶען צוּ טָאן זַיין נֶעבֶּענְמֶענְשִׁין וָוען יֶענֶער אִיז אִין נוֹיט: אָהְנֶע אוֹיזִיכְט, אָהְנֶע אִינְטֶערֶעסֶע, נָאר וָואס זָאהְל אִיךְ טָאהְן אַז דוּא בְּרֵיינְגְסְט מִיר דֶער צוּ מִיט דַיין אוּנְדַאנְקְבַּארְקֵייט? אַךְ וִויא אַזוֹי קֶען דָאס אַמֶענְשׁ אַזוֹי זַיין נִיט אָן צוּ עֶרְקֶענֶען אַיין גוּטֶע טְהָאט? אִיךְ הָאפְּפֶע אַז דוּא וָועסְט פַערְשְׁטֶעהְן מַיין שְׁרַייבֶּען אוּן וָועסְט נִיט בְּרוֹגֶז זַיין אוֹיף מִיר פַאר דִיא וַוארְהַייט:

דיין טְרַייעָר שְׁוָואגֶער וָואס הָאפְט אוֹיף אַנְטְוָוארְט.

## 11.

קִיעֶוו דֶען 25 מַייא 1890

### לְדוֹדָתִי הַיְקָרָה וְהַצְנוּעָה מָרַת לֵאָה תחי'

אַייעָר גֶעשֶׁעטְצְטִין בְּרִיעף מִיט דִיא פְרִיזֶענְטִין הָאבִּין מִיר רִיכְטִיג עָרְהַאלְטִין מִיט פָּאסְט. פִיר וָועלְכֶע מִיר זָענֶען אַייךְ זֵייעָר דַאנְקְבַּאר. מִיר זָענֶען נִיט אוּם שְׁטַאנְד, טַאנְטֶע לֶעבּ, אַייךְ הָערוֹיס צוּא שְׁרַייבִּין אוּנְזֶער צוּ פְרֵידֶענְהַייט. עָרְשְׁטוּנְס דַאפִיר וַוייל מִיר הָערִין פוּן אַייעָר לִיבִּין גִיזוּנְד, צְוַוייטוּנְס פוּן אַייעָרֶע טְהַייעָרֶע פְרִיזֶענְטֶע, וַוייל דָאס צַייגְט אַז אִיר הָאט נָאךְ צוּ אוּנְז דָאס לִיעבְּשַׁאפְט וִויא פְרִיעָר. פוּן אוּנְזֶער זַייט, לִיבֶּע טַאנְטֶע קֶענֶען מִיר אַייךְ פִירְזִיכֶערִין אָהְנֶע שְׁמֵייכֶעל, אַז מִיר קֶענֶען אָן אַייךְ נִיט פֶערְגֶעסִין אוּן אוּנְזֶער וואוּנְטְשׁ אִיז: אַז מִיר זָאלְלֶען שׁוֹין דֶער לֶעבִּין דִיא

גליקליכע מינוט אין וועלכער מיר וועלין זיך נאך אמאל זעהן. אך ווא זאממען פערבלייבין. מיר קענן ליעבע טאנטע ניט פערגעסין דיא פריי-ליכע צייט וואס מיר האבין צוא זאממען פערבראכט מיט אייך. עטוואס איז צווישין אונז איין מאגנעטישע קראפט וועלכע ציהט אונז צו אייך, דרום ליעבע טאנטע ווינטשען מיר איר זאלט אונז דיא גיפעליקייט טאהן און אזוי שנעל וויא נאר מעגליך ווידער צו אונז צו קוממען, וויינינגסטונס אויף אפאר וואכין. מיר האפפען, ליעבע טאנטע, אז איר וועט גיוויס דיזעס מאל אונזער פערלאנג אויס פאלגען אזוי וויא אימטער ; אונד בלייבע אייער עוויג ליעבענדע פריינדין. מרים רובינשטיין.

12.

לש״ב היקר המפורסם מו״ה דוד צבי נ״י.

ווען איר זענט גיוועזין אין ווארשא האט איהר מיר צוא גיזאגט אז גלייך וויא איהר וועט קוממען צו הויזע וועט איר מיר שרייבין וועגין דעם וואס איך האב אייך גיבעטין, אויך האט איהר מיר גיגעבין אייער עהרין-ווארט אז איהר וועט מיר שוין שרייבין אפט בריעף, צום סוף איז שוין אום גיפער זעקס וואכין פאר איבער פון אייער אפ פארין פון ווארשא און איך האב נאך פון אייך קיין איינציגין בריעף ניט ערהאלטין. עס קוממט מיר עטוואס זאנדערבאר פאר אייער האנדלונג, איר זייט דאך איין געלערנטער מאן ניט קיין קינד, אלזא דארפט איהר דאך וויסען אז דער מענש וועלכער האלט קיין ווארט, הייסט ניט קיין מענש, איבער הויפט וויא אזוי פוילט זיך איין מענש צו שרייבין? איך קאהן דאס גאר ניט פערשטיין! וואלט איך גיהאט אייער נאטור, זיך ניט צו אינטערע-סירען צו וויסען פון קיין עלטערין, ניט פון קיין פריינד, אויך ניט פון קיין בעקאנטע, וואלט אייער שטיל שווייגין מיר ניט געקימערט. גראדע האב איך אבער איין גאנץ אנדערע נאטור און טראכט איבער וועגען אייער גיזונד, דרום בעט איך אייך ליעבער פריינד, אז גלייך וויא איהר וועט מיין שרייבין ערהאלטין צוא שרייבין אנטווארט.

אייער טרייער פריינד וואס האפט אויף אנטווארט.

## 13.

### לְבִתִּי הַיְקָרָה מָרַת אֶסְתֵּר שתחי׳.

דַיין גֶעשֶׁעצְטִין אוּן לִיעבֶּען בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ מִיט דֶעם גְרֶעסְטִין פֶערְגֶענִיגֶענְד עֶרְהַאלְטִין. דָאס וָואס דוּא שְׁרַייבְּסְט מִיר טָאכְטֶער לֶעבִּין אִיךְ זָאל דִיר הָערוֹיס שְׁרַייבִּין וִויא מִיר גֵייט אִין גִישֶׁעפְט, שְׁרַייבּ אִיךְ דִיר אַז דֶערְוַוייל גֵייט נִיט אוּם בֶּעסְטִין נָאהְר פוּן דֶעסְט וֶועגִין דַאנְקֶען הי״שׁ דֶער פַאר, עֶר פַאר לָאזְט מִיר נִיט ח״ו. וֶוען דֶער מֶענְטְשׁ וִויל נָאר זַיין בַּייא זַיינֶע רִיכְטִיגֶע גֶעפִיהְלֶע קֶען עֶר שׁוֹין גְלִיקְלִיךְ לֶעבִּין, וָוארוּם אַז מֶען אִיז גִיזוּנְד אוּן מֶען אִיז צוּא פְרִידֶען דֶער מִיט וָואס מֶען בֶּעזִיטְצְט אִיז מֶען שׁוֹין גְלִיקְלִיךְ, אוּן וַוייטֶער פַאר קֶערְט—וֶוען דֶער יֶענִיגֶער וִויא פִיעל עֶר פַאר מָאגְט אִיז אִיהְם וֵוינְצִיג, אוּן וָואלְט נָאר גֶעוִין יֶעדֶער מָאל מֶעהְר צוּא הָאבִּין אוּן בֶּענַיידֶעט נָאר דֶעם אַנְדֶערִין, דֶער קֶען שׁוֹין פַאר קַיין פַאל נִיט גְלִיקְלִיךְ לֶעבִּין, דְרוּם לִיעבֶּע טָאכְטֶער דִיא הוֹיפְּט זַאךְ אִיז, אַז דֶער יֶענִיגֶער וֶועלְכֶער וִויל לֶעבִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט וִויא אַיין מֶענְשׁ אִיז וֶוערְט צוּ לֶעבִּין, דַארְף קוּקֶען אוֹיף גֶעלְט אַזוֹי וִויא אוֹיף אַיין מִיטֶעל דוּרְךְ וֶועלְכִין מֶען קֶען אַלֵיין לֶעבִּין, אוּן מִיט-הֶעלְפִין דֶעם נוֹיט-בֶּעדֶערְפְטִיגִין צוּם לֶעבִּין. אוּן נָאר דֶער קֶען אָן גִירוּפִין וֶוערִין נוּטְצְלִיכֶער אוּן גְלִיקְלִיכֶער מֶענְשׁ, דַאגֶעגֶען אָבֶּער דֶער וָואס קְלַייבְּט דָאס גֶעלְדְט אוּן גֶענִיסְט דֶער פוּן אַלֵיין נִיט אוּן גִיוַוינְלִיךְ גֶענִיסִין דֶער פוּן אַנְדֶערֶע, גִיוִויס אִיז דֶער, דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכְסְטֶער אוּן אוּנְנִיצְלִיכֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט, וָוארוּם עֶר גֶענִיסְט פוּן זַיין גוּטְס פִיעל וֵוינִיגֶער פוּן דֶעם שְׁנָארֶער, עֶס אִיז אִיהְם אִימֶער הַיינִיג אוּן וָואלְט גֶעוָואלְט אַלֶעס מֶעהְר פַאר גְרֶעסֶערִין זַיין קַאפִּיטַאל. אִיךְ פֶערְשְׁטֵעה מַיין לִיעבֶּע טָאכְטֶער אַז דוּא וֶועסְט פַאר שְׁטֵיין מַיין ווּאוּנְק.

מִמְנִי אָבִיךְ הַחָפֵץ שְׁלוֹמֵךְ.

## 14.

## לְכַלָּתִי הַיְקָרָה הַצְּנוּעָה מָרַת דְּבוֹרָה שתחי׳ .

דַיין בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטִין · וֶועגִין דֶעם וָואס דוּא פְרֶעגְסְט מִיר אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ דִיא נָוארֶע פֶּערְטִיג צוּם שִׁיקֶען, שְׁרַייבּ אִיךְ דִיר אַז עֶס פֶעלִין נָאךְ פִיעלֶע אַרְטִיקְלֶען וָועלְכֶע וֶועלִין פֶּערְטִיג זַיין אִין צֶעהְן טָאג אַרוּם, דִיא זֶענְדוּנְג וֶועל אִיךְ שִׁיקֶען דוּרְךְ אַיין גִילֶעגִינְהַייט אַזוֹיא שְׁנֶעל וִויא נָאר מֶעגְלִיךְ, גְלַייךְ וִויא דוּא וֶועסְט עֶס עֶרְהַאלְטִין וֶועסְט דוּא אַזוֹיגוּט זַיין מִיר שְׁרַייבִּין אַנְטְוָוארְט וַוייל אִיךְ בִּין יֶעצְט בֶּעשֶׁעפְטִיגְט וֶועל אִיךְ דִיר אַזוֹי שְׁנֶעל נִיט קֶענֶען שְׁרַייבִּין, דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיר מַיין לִיעבֶּע שְׁנוּר אַז דוּא זָאלְסְט מִיר אוֹיךְ שְׁרַייבִּין פוּן דַיין מַאנְס גִיזוּנְדְהַייט אוּן דוּא זָאלְלְסְט זֶעהֶען אַז יֶעדֶער קִינְד זָאלְל שְׁרַייבִּין אַיין גְרִיס מִיט זַיין אַייגִין הַאנְד, אִיךְ הָאבּ דָאס שׁוֹין פוּן דִיר אַיינִיגֶע מָאהְל פֶּערְלַאנְגְט אוּן קֶען עֶס בַּייא דִיר נִיט אוֹיס פִירִין ? למע״ה אוֹיס פָאלְגִין מַיין בְּרִיעף אוּן גְלַייךְ שְׁרַייבִּין אַנְטְוָוארְט. מִמֶּנִּי חָמִיךְ הַחָפֵץ שְׁלוֹמֵךְ וּשְׁלוֹם כב״ב צְבִי.

## 15

## לְחָמִי הַיָּקָר הַמְפוּרְסָם חו״נ כשת מו״ה צְבִי נ״י.

אִיךְ קוּם אַייךְ צוּ מֶעלְדִין פוּן מַיין גִיזוּנְדְהַייט דָאס אִיךְ פִינְדֶע מִיךְ רֶעכְט וָואהְל אַייעֶר שְׁרַייבִּין פוּן 18 אַפְּרִיל הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטִין עֶס וָואהְל אַייךְ נִיט וואוּנְדֶערִין וָוארוּם אִיךְ הָאבּ אַייךְ גְלַייךְ קַיין אַנְטְוָוארְט נִיכְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִיךְ הָאבּ אַלְלֶעם עֶרְוַוארְטֶעט דִיא זֶענְדוּנְג וָואס אִיהְר הָאט מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִיהְר שִׁיקְט דוּרְךְ אַיין גֶעלֶעגֶענְהַייט, יֶעטְצְט עֶבִּין הָאבּ אִיךְ עֶס עֶרְהַאלְטִין דוּרְךְ ר׳ שְׁלֹמֹה גְרִינְפֶעלְד . וֶועגִין מַיין מַאן קֶען אִיךְ אַייךְ שְׁרַייבִּין אַז גֶעסְטֶערִין הָאבּ אִיךְ פוּן אִיהְם אַיין בְּרִיעף גֶעהַאט עֶר שְׁרַייבְּט מִיר אַז עֶר הָאט אַיינְקַאסִירְט עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אוּן אוּן עֶר דַארְף נָאךְ זַיין אִין יַאלֶעסַאוֶועט אַיינִיגֶע טֶעג אוּן נָאכְהֶער וֶועט עֶר פָארִין צוּא הוֹיזֶע . אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ מַיין טְהַייעֶרֶער שְׁוִוינֶער פַאטֶער גִיטָאן נָאךְ אַייעֶר פֶערְלַאנְג אוּן גֶעזֶעהֶן אַז יֶעדֶער קִינְד זָאהְל שְׁרַייבֶּען צוּ אַייךְ אַיין גְרִיס אוֹיף אַיין בֶּעזָאנְדֶער פַּאפִּיר וֶועלְכֶער אִיר וֶועט נִיוִויס

אַלֵיין אוּנְטֶער שֵׁיידִין יֶעדֶערִינְס הַאנְדְשְׁרִיפְט. גְלוֹיבְּט מִיר מַיין לִיעבֶּער שְׁווֹינֶער פַּאטֶער, אַז אִיךְ וָואלְט גֶעווִיס גִיוָואלְט מִיט דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין אַז דִיא קִינְדֶערְלַאךְ זָאהלֶען צוּ אַייךְ שְׁרַייבִּין אַיין גְרִיס אִין יֶעדִין בְּרִיעף מִיט זַייעֶרֶע אַיינֶענְהֶענְדִיגֶע אוּנְטֶערְשְׁרִיפְטִין, נוּר גְלוֹיבִּין זֵייא מִיר אַז דִיא צַייט עֶרְלוֹיבְּט מִיר דֶערוֹיף נִיכְט, זִיךְ צוּא צוּקוּקֶען צוּ זֵייא, וָוארוּם אַזוֹי וִויא אַייךְ אִיז בֶּעקַאנְט וִויא פַּארְנוּמֶען אִיךְ בִּין אִימְמֶערצוּא אִין גֶעשֶׁעפְט, וֶועט אִיהְר אַלֵיין מוּזִין צוּ גֶעבִּין אַז אִיךְ קֶעהְן מִיר דֶער צוּ נִיט אָפּ גֶעבִּין. זָאנְסְט קֵיינֶע נַייעֶס גִיבְּט נִיכְט אִיךְ ווִינְשׁ אַייךְ גְלִיק אוּנְד גִיזוּנְד אַייעֶר שְׁנוּר דְבוֹרָה.

## 16,

## לִכְבוֹד דוֹדִי הַיָּקָר מו״ה בִּנְיָמִין נ״י

עֶס וואוּנְדֶערְט אוּנְז זֵייעֶר וָוארוּם מִיר הָאבִּין פוּן אַייךְ אַזוֹי אַלַאנְגֶע צַייט קֵיין בְּרִיעף נִיט בֶּעקוּמֶען, פוּן אַייעֶר עֶרְשְׁטִין בְּרִיעף הָאבֶּען מִיר וֵוייעֶר פִיעל שְׁמֶערְצֶען גִיהַאט אִיבֶּער אַייעֶר טְרוֹיעֶרִיגֶען שְׁטַאנְד, מִיר הָאבֶּען אַייךְ אוֹיף דֶעם בְּרִיעף גְלַייךְ גֶעשִׁיקְט אַיין אַנְטְוָוארְט, וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעווִיס עֶרְהַאלְטֶען. אוּן מֶעהְר הָאבִּין מִיר פוּן אַייךְ שׁוֹין נִיט גִיהֶערְט. אַלְזָא טְהַייעֶרֶער אֶנְקוּל, אִיךְ בִּין אַייךְ נִיט אוּם שְׁטַאנְד הֶערוֹיס צוּא שְׁרַייבֶּען דִיא שְׁמֶערְצִין וָואס מִיר הָאבִּין דֶער פוּן, אוּנְזֶער אִיבֶּער־טְרַאכְטֶען, אִיז אָן אַיין עֶנְדֶע, מִיר פֶערְשְׁטֵעהֶען נִיט פַאר וָואס אִיהְר הָאט אוֹיף אוּנְז פֶערְדְרוּס, מִיר שַׁיינְט אַז מִיר הָאבֶּען קֵיין מָאל גֶעגֶען אַייךְ נִיט שְׁלֶעכְט גֶעהַאנְדֶעלְט, אוֹיךְ אִין אַייעֶר יֶעצְטִיגֶען שְׁלֶעכְטֶען שְׁטַאנְד זֶענֶען מִיר אוֹיךְ נִיט שׁוּלְדִיג וַוייל אִיהְר הָאט אוּנְז קֵיין רַאהְט נִיט גֶעפְרֶעגְט, אוּן פוּן אַייעֶר אָבְּרַייזֶע הָאבִּין מִיר אוֹיךְ נִיט גֶעוואוּסְט וָוען. אוֹיבּ דִיא אוּרְזַאכֶע אִיז אִיבֶּער דֶעם וַוייל אִיהְר זֶענְט פִילְלַייכְט נִיט גֶעזוּנְד? אִיז גֶעווִיס נִיט גְלַייךְ וָואס אִיהְר שְׁרַייבְּט נִיט. אַלְלֶענְפַאלְס בֶּעטֶען מִיר אַייךְ אוּנְז בַּאלְד שְׁרַייבִּין אַנְטְוָוארְט, אוּן אַז הַשי״ת וֶועט אוּנְז צוּ זַאמְמֶען בְּרֵיינְגֶען וֶועלֶען מִיר דַאן זִיךְ עֶרְקְלֶערִין וָוער פוּן אוּנְז שׁוּלְדִיג אִיז, מִמֶנִי בֶּן אֲחוֹתוֹ בֶּן צִיוֹן רָאזֶענְבּוֹים.

17

## צוא מַיין טְהַייֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער אֶסְתֵּר שׁוּלְמַאן

עֶס איז מִיר אַיין גְרוֹיסֶער וואוּנְדֶער לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר פוּן אַזַא צַייט קַיין אַנְטְוָוארְט נִיט עֶרְהַאלְטִין אוֹיף מַיין בְּרִיעף עֶס אִיז שׁוֹין פֶערְצֶעהְן טָאג פָארְאִיבֶּער וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר אַבְּרִיעף מִיט פָּאסְט גִישִׁיקְט גִיוִויס הָאסְטוּ אִים עֶרְהַאלְטִין וַוייל אִיךְ הָאבּ אִים גִישִׁיקְט גִירֶעקְאָמֶענְדִירְט דְרוּם קֶען אִיךְ נִיט צְוַויִיפְלֶען, אוּן אִיבֶּער דֶעם טְרַאכְט אִיךְ וַעהְער אִיבֶּער פִילַייכְט בִּיסְטוּא ח״ו נִיט גִיזוּנְד, דְרוּם פֶּערְלַאנְגֶע אִיךְ פוּן דִיר לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער דוּא זָאהְלְסְט גְלַייךְ שְׁרַייבֶּען פוּן דַיין לִיעבֶּען גֶעזוּנְד, וַוייל מַיינֶע שְׁמֶערְצִין לִיעבָּע שְׁוֶועסְטֶער, קֶען אִיךְ דִיר נִיט אוֹיס שְׁרַייבֶּען, דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיר דוּא זָאהְלְסְט עֶרְפִילְלֶען מַיין וואוּנְשׁ אוּן גְלַייךְ שְׁרַייבִּין אַנְטְוָוארְט אִיךְ וֶועל עֶס דִיר קַיין מָאל נִיט פֶּערְגֶעסֶען.

פוּן מִיר דַיין שְׁוֶועסְטֶער דְבוֹרָה לִיפְמַאן.

18.

## לְאָחִי הַיָקָר הַמְפוּרְסָם כש״ת מו״ה מֵאִיר נ״י

דַיין גֶעשֶׁעצְטֶען בְּרִיעף פוּן 10-טֶען ד״מ הָאבֶּען מִיר עֶרְהַאלְטֶען פֶּער פָּאסְט, פִיר וֶועלְכֶען מִיר זַיינֶען דִיר זַעהְר דַאנְקְבַּאר, וַוייל מִיר זַייעֶן שׁוֹין זֶעהְר נַייגֶערִיג גִיוֶוען צוּ הֶערִין פוּן דַיין לִיעבֶּען אוּן טְהַייעֶרִין גֶעזוּנְד דַאנְקֶען גָאט דֶער פַאר אוֹיךְ וָואס מִיר הֶערֶען אַז עֶס גֶעהֶט דִיר דָאס גֶעשֶׁעפְט גוּט. נָאר מִיר בֶּעטֶען דִיךְ זֵייעֶר טַייעֶרֶער בְּרוּדֶער דוּא זָאהְלְסְט אַזוֹי פִיעל גוּט זַיין אוּן אוּנְז שְׁרַייבֶּען אָפְטֶער בְּרִיעף נִיט פַארְגֶעסֶען דָאס וָואס דוּא הָאסְט אוּנְז צוּגֶעזָאגְט פַאר דַיין אָפּ רַייזֶען אוּן אוֹיךְ אַזוֹי גוּט זַיין אוּן אוּנְז צוּא שִׁיקֶען עֶטְלִיכֶע פוּנְט טְהַייא וִויא דוּא הָאסְט צוּא גֶעזָאגְט.

פוּן מִיר דַיין בְּרוּדֶער וֶועלְכֶער וִוינְשְׁט דִיר אִימְמֶער גִיזוּנְד אוּן גְלִיק אַהֲרֹן בְּרָאנְשְׁטֵיין.

דַיין מוּטֶער אוּן מַיין פְרוֹי אוּן מַיין גַאנְצֶע הוֹיז גֶעזִינְד גֶערִיסְסֶן דִיר אוּן וִוינְשֶׁען דִיר אַיין כְּתִיבָה וַחֲתִימָה טוֹבָה

19.

לשׁ״ב הַיָקָר הַמְפוּרְסָם מו״ה יְשַׁעְיָהוּ נ״י .

עֶס אִיז אוּנְז אַיין גְרוֹיסֶער וואוּנְדֶער אוֹיף אַייךְ לִיעבֶּער אוּן טְהַייעֶרֶער פְרַיינְד וָואס מִיר הָאבִּין פוּן אַייךְ אַזַא לַאנְגֶע צַייט קַיין בְּרִיעף נִיט גִיהַאט מִיר הָאבֶּען אַייךְ שׁוֹין אֵיינִיגֶע בְּרִיעף גֶעשִׁיקְט אוּן מִיר הָאבִּין פוּן אַייךְ קַיין אַנְטְוָוארט נִיט, דְרוּם וֵוייסֶען מִיר נִיט וָואס אִיבֶּער צוּא טְרַאכְטִין ; מִיר פִיעלֶען זִיךְ אִין קַיין זַאךְ נִיט שׁוּלְדִיג גֶעגֶען אַייךְ פַאר וֶועלְכֶע אִיהְר זָאהְלְט אוֹיף אוּנְז דַארְפִין בֵּייז זַיין. נוּר וֶוען דָאס זָאהְל זַיין וֵוייניגְסְטֶענְס דִיא אֵיינְצִיגֶע אוּרְזַאכֶע פוּן אַייעֶר זָא לַאנְגֶעם שְׁטִילְשְׁוַוייגֶען, וָואלְטִין מִיר וֵוייניגְסְטוּנְס אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצִין נִיט גִיהַאט, נוּר אַזוֹי וִויא מִיר וֵוייסֶען אַז אִיהְר זַייט אֵיין שְׁוַואכֶער מֶענְשׁ, טְרַאכְטֶען מִיר אִיבֶּער וֶועגִין אַייעֶר גִיזוּנְד, אוּנְזֶערֶע שְׁמֶערְצִין דֶער פוּן לָאזְט זִיךְ נִיט צוּא בֶּעשְׁרַייבֶּען דְרוּם טְהַייעֶרֶער פְרַיינְד, פֶערְלַאנְגֶען מִיר פוּן אַייךְ אִיהְר זָאהְלְט אוּנְז דִיא גֶעפֶעלְלִיגְקַייט טָאן אוּן אִיהְר זָאהְלְט אַזוֹי גוּט זַיין אוּן זִיךְ בֶּעמִיהֶען אוּנְז אַלֶלֶענְפַאלְס גְלַייךְ שְׁרַייבֶּען אַנְטְוָוארְט מִיר וֶועלֶען דֶער פַאר עֶוִויג אָן אַייךְ נִיט פַארְגֶעסִין. אַייעֶר פְרַיינְד וָואס הָאפְט אוֹיף אַנְטְוָוארְט יַעֲקֹב :

20.

לִכְבוֹד אָבִי הַיָקָר מַחֲמַד נַפְשִׁי מו״ה דָוִד נ״י .

עֶס וואוּנְדֶערְט מִיר זֵייעֶר לִיעבֶּער פָאטֶער, וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר אַזוֹי לַאנְג קַיין בְּרִיעף נִיט בֶּעקוּמֶען, אִיךְ קֶען דָאס נִיט פַארְשְׁטֵיין, אוּן טְרַאכְט זֵייעֶר אִיבֶּער, אִיךְ פִיעל מִיךְ נִיט לִיעבֶּער פָאטֶער אִין קַיין פֶערְבְּרֶעכִין שׁוּלְדִיג גֶעגֶען דִיר פַאר וָואס דוּא זָאהְלְסְט מִיר דִיא שְׁמֶערְצֶען אָן טָאן אוּן בֶּעט דִיר מִיט אַיין גְרוֹיסֶען גֶעבֶּעט אַז גְלַייךְ וִויא דוּא וֶועסְט עֶרְהַאלְטֶען מַיין בְּרִיעף זָאלְסְטוּ מִיר שְׁרַייבֶּען אַנְטְוָוארְט וָוארוּם דוּא דוּא קֶענְסְט גָאר קַיינֶע פָארְשְׁטֶעלוּנְג מַאכֶען, לִיעבֶּער פָאטֶער פוּן מַיינֶע שְׁמֶערְצֶען אוּן פוּן דִיא קִינְדֶערְלִיךְ וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען אִיבֶּער צוּא טְרָאגֶען אִיבֶּער דֶעם. אַלֶע טָאג גֵייעֶן זֵייא אוֹיף דֶער פָּאסְט אוּן קוּקֶען אַרוֹים אוֹיף אַיין בְּרִיעף פוּן דֶעם זֵיידֶען דֶער פַאר טַייעֶרֶער פָאטֶער דֶער

בארים זיך אויף אונז אונ שרייב אונז גלייך איין בריעף פון דיין ליעבען געזונד און דער פאר וועט דיר גאט דער-לייננערין דיינע טעג און דיינע יאהרען. פון מיר דיין זאהן אליהו בלאס

מיין פרוי און קינדער גריססין דיך הערצליך.

21

## לבני היקר המפורסם כש״ת מו״ה אליהו בלאס

דיין פיעל געליבטען און הויכגעשעצטען בריעף מיט דעם גערים פון דיין טהייערע פרוי און אויך פון מיינע ליעבע און טהייערע איניקליך האב איך מיט דעם גרעסטען פערגעניגען אונד פריידען געלעזען, פאר וועלכען איך דאנק דיר פיעל טויזענד מאל דיא אורזאכע איבער וועלכער איך האב דיר ביז יעצט, טהייערער זון ניט געשריבען איז איבער דעם, ווייל איך בין ביז יעצט ניט געוועזען צוא הויזע ערשט אין דער ווילע בין איך געקומען פון אדעס, אלזא מיין טייערער זון עס בלייבט מיר נאר יעצט דיך צוא עראינערין, אזוי ווי מיין געוואנליכקייט איז, אין דעם וויכטיגען פפליכט, ארדענטליך דיינע ליבע קינדערליך צוא ערציהען און וויא שטרייננ און פארזיכטיג מען מוז בייא דיעזער הינזיכט זיין. פארגעס ניט מיין ליעבער זון, אז דער פונדאמענט פון איינער געביידע איזט דער הופט דער פון, אלזא נאר די גוטע ערציהונג איינעס קינדעס שטעלט דער וועלט איינעם נוצליכען מענשען צו׳ איך ווידערהאל דיר בעסטער זאהן׳ דוא זאהלסט מיינע בעמערקונג גוט אין אכט נעהמען ווייל דאס איז פאר דיר זייער וויכטיג. פון מיר דיין טרייער פאטער וועלכער עס ווינשט דיר פריד און גליק אימער דוד בלאס.

22

## לאמי היקרה והחסידה מרת חיה שרה שתחי׳.

אין אנפאנג מעלד איך דיר׳ ליעבע און טהייערע מוטטער, אז מיר זיינען גאט צוא דאנקען אלע געזונד גאט זאל געבין דאס זעלבע פון דיר צוא הערען מיט גוטע נייעס אימער און אויך מיין טהייערע

מוּטֶער קָאמְמֶע אִיךְ דִיר צוּא מַאכֶען וִויסֶען אַז אִיךְ הָאבֶּע אִין דֶער פָּארִיגֶע וָואךְ גֶעקוֹיפְט אַבִּיסֶעל וַוארֶע אוּן וְויא עֶס הָאט מִיר אוֹיס גֶעווִיזֶען אִין אָנְפַאנְג אִיז מִיר גֶעשְׁטַאנֶען פִיל אָנְצוּוֶוערֶען, אִיךְ הָאבּ דַאן גֶעפַּאסְט בֶּעסְסֶער רִיזִיקִירֶען, אוּן הָאבּ דִיא סְחוֹרֶה אַוֶועק גֶעלֵייגְט הָאט גֶעדוֹיעֶרְט דְרַייא טָאג אִיז גֶעקוּמֶען פוּן סֶעדִילְקָאב אֵיין סוֹחֵר אוּן אִיז גֶעוָוארֶען אַיין קוֹיפֶער אוֹיף דֶעם אַרְטִיקֶעל אוּן אִיז נָאךְ הֶעכְסְט צוּא פְרִידֶען גֶעוֶועזֶען וָואס עֶר הָאט דָאס בַּייא מִיר גֶעטְרָאפֶען. אִיךְ וֶועל דִיר נִיט צִיהֶען מַיין טְהַייעֶרֶע מוּטְטֶר, עֶר הָאט דִיא סְחוֹרֶה בַּייא מִיר אָפּ גֶעקוֹיפְט אוּן אִיךְ הָאבּ אַדַאנְק גָאט גֶעהַאט אַיין שֵׁיינֶעם פְרָאפִּיט. מֶער קַיין נַייעֶס הָאבּ אִיךְ דֶערְוַוייל נִיט אִיךְ גִירִיס דִיר אוּן דֶעם פָאטֶער דִיא בְּרִידֶער אוּן שְׁוֶועסְטֶער אִיךְ וִוינְשֶׁע יֶעדִין גְלִיק.

פָּאהְן מִיר דַיין טָאכְטֶער רִבְקָה בְּרַאוֶוערְמַאן.

23

לְבִתִּי הַיְקָרָה הַצְנוּעָה מָרַת רִבְקָה שֶׁתְּחִי׳

דַיין גֶעשֶׁעצְטֶען אוּן לִיעבֶּען בְּרִיעף הָאבֶּען מִיר פִּיעל מָאל גֶעלֶעזֶען אוּן מִיר זַיינֶען דִיר נִיט אוּמְשְׁטַאנְד הֶערוֹיס צוּא שְׁרַייבֶּען דִיא פֶערְגֶענִיגֶען וָואס מִיר הָאבֶּען עֶרְהַאלְטֶען פוּן דֶעם פְרֵיילִיכֶען בְּרִיעף דַאנְקֶען גָאט דֶער פַּאר, וָואס עֶר טוּט מִיט אוּנְז גִינַאדֶע אִין יֶעדֶער צַייט. אַזוֹי וְויא דִיר אִיז גִישְׁטַאנֶען צוּ דֶער לַייגֶען גֶעלְט אָהְן דִיא וַוארֶע, צוּם סוֹף הָאט גָאט דִיר אַרַיין גִיגֶעבִּין אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען דוּא זָאהְלְסְט עֶס נִיט פַארְקוֹיפֶען אוּן הָאסְט גְרַאדֶע דֶער מִיט גוּט גִימַאכְט אוּן הָאסְט גוּט פֶערְדִינְט פוּן דִיא וַוארֶע, גִיוְויס וֶוייסֶען מִיר נִיט לִיעבֶּע טָאכְטֶער וְויא אַזוֹי גָאט אָפּ צוּ דַאנְקֶען דֶער פַאר. מִיר בֶּעטִין דִיר לִיעבֶּע טָאכְטֶער, דוּא זָאהְלְסְט אוּנְז שְׁרַייבֶּען יֶעדֶע וָואכֶע אַבְּרִיעף.

פוּן מִיר דַיין מוּטֶער וָואס וִוינְשְׁט דִיר פִּיעל גְלִיק, הַיָה שָׂרָה.

דֶער פָאטֶער אוּן דִיא הוּ״זַלַייטֶע גְרִיסְסֶען דִיר זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ.

24.

### אָבִי אָבִי ! הַיָּקָר הַמְפוּרְסָם כש״ת מו״ה עֶזְרִיאֵל נ״י.

עֶס אִיז וַואהְר לִיעבֶּער פָּאטֶער ! אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר׳ אוּן דָאס וָואס עֶס אִיז מִיס-גֶעפֶעלֶען אִין דַיינֶע אוֹיגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעטָאן׳ אָבֶּער יֶעטְצְט לִיעבֶּער פָּאטֶער׳ דֶער קֶעהְן אִיךְ מַיינֶע זִינְד ? שְׁטֵייעֶן זַייא דֶען נִיט פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען ? דְרוּם לִיעבֶּער פָּאטֶער׳ עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבְּעֶן אִין דֶער הַיילִיגֶער תּוֹרָה. אַז דֶער וָואס אִיז מוֹדֶה זַיינֶע זִינְד אוּן פֶערְלָאזְט זַייא׳ עֶרְבַּארִימְט זִיךְ גָאט אִיבֶּער אִים אוּן פַאר גִיבְּט אִים׳ פַאר וָואס־זְשֶׁע לִיבֶּער פָּאטֶער זָאהְלְסְטוּא זִיךְ אִיבֶּער מִיר נִיט דֶערְבַּארִימֶען ? קֶען דָאס דֶען מֶעגְלִיךְ זַיין אַז דוּא זָאלְסְט אוֹיף מִיר אִימְסָער צֶערְעֶנֶען ? אִיךְ בֶּעט דִיר לִיעבֶּער פָּאטֶער׳ פַאר גִיבּ דִיא זִינְד פוּן דַיין זָאהְן וָועלְכֶער קֶערְט זִיךְ אוּם צוּ גָאט מִיט אַיין צוּבְּרָאכִין אוּן מִיט אַיין גִידֶערְגִישְׁלָאגֶען הַערְץ. פַאר שְׁטוֹיס מִיר נִיט פוּן דִיר אוֹיף עֶווִיג׳ וָוארוּם וִויא בַּאלְד פָּאטֶער לֶעבּ דוּ וֶועסְט זִיךְ אוֹיף מִיר נִיט דֶער-בַּארִימֶען, וִוינְטְשׁ אִיךְ מִיר לִיבֶּער דֶעם טוֹיט׳ וָוארוּם וָואס טוֹיג מִיר מַיין לֶעבִּין אַז אִיךְ קֶען נִיט זֶעהְן מַיין לִיבֶּען פָּאטֶער׳ אוּן אִיךְ פִיעל אַז עֶר אִיז מִיר נִיט מוֹחֵל מַיינֶע זִינְד׳ דְרוּם לִיבֶּער פָּאטֶער אוֹיבּ דוּ ווִילְסְט מִיר גִיבְּט אוֹיס מֶעקִין אַלְס קִינְד׳ זָאהְלְסְטוּ מִיר פַאר גֶעבִּין ׳ אִיךְ קֶען דִיר פַאר זִיכֶערִין אַז אִיךְ קֶער זִיךְ אוּם צוּ דֶער אוּנְשׁוּלְדִיקַייט פוּן אַקִינְד וֶועלְכֶע אַיין יָאהְר אַלְט אִיז. גְלוֹיבּ מִיר פָּאטֶער לֶעבּ׳ אַז אִיךְ הָאבּ גִינוּג חֲרָטָה אוֹיף מַיין דוּמֶען אוּן שְׁלֶעכְטִין אוֹיף פִירֶען זִיךְ ׳ אִיךְ זֶעה שׁוֹין אַרוֹיס וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִימַאכְט׳ אִיךְ וֶועל שׁוֹין אי״ה גֵיין בְּדֶרֶךְ הַיָּשָׁר׳ אַלְזָא לִיבֶּער פָּאטֶער דֶער בַּארֶעם זִיךְ אִיבֶּער מִיר אוּן עֶרְלוֹיבּ מִיר נָאךְ אַמָאל צוּ קוּמֶען צוּ דִיר׳ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאגְט אוֹיךְ: אִם יָשׁוּב מִיָּד אֲקַבְּלוֹ״ ׳דְרוּם לִיבֶּער פָּאטֶער׳ אִיךְ בֶּעט דִיר נָאךְ דֶעם מָאתְל זַייא מִיר מוֹחֵל וָוארוּם אִיךְ קֶער צוּרִיק צוּא דִיר בְּלֵב שָׁלֵם · מִמֶנִי בִּנְךָ הַשָּׁב בְּלֵב נִשְׁבָּר וְנִדְכֶּה וּמְצַפֶּה לִמְחִילָתְךָ׳ שְׁלֹמֹה זַאק ·

ענדע דיא ערשטע טהייל :

## פְרַיינְדְלִיכֶע בְּרִיעף ;

## פְּרָאסְקוּרָאוו 14 טֶען מֶערְץ 1899

### 25 .

### לִידִידִי הַיָקָר הַמְפוּרְסָם מו״ה מֹשֶׁה זִילְבֶּערְבְּלַאט .

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֵיינִיגֶע מָאל גִישְׁרִיבֶּן צוּ אַייךְ פוּן אַלֶע אֵיינְצֶעלְהַייטוּן פוּן מַיין גֶשֶׁעפְט אוּן הָאבּ פוּן אַייךְ פֶערְלַאנְגְט אִיר זָאהְלְט מִיר אֵיין רַאהְט גֶעבִּין וְויא צוּ הַאנְדְלֶען גֶעגֶען מַיין שׁוּתָּף . אַזוֹי וְויא עֶר הָאט מִיר דִיא לֶעצְטֶע צַייט דֶערְעֶסֶען , אִיךְ בִּין נִיט אוּמְשְׁטַאנְד מִיט אִים וַוייטֶער צוּ זַאמֶען פִיהְרֶען דָאס גֶעשֶׁעפְט , אִים אִיז נָאךְ וֶוענִיג וָואס עֶר נֶעמְט אַרוֹיס אוֹיף הוֹיז אוֹיס-גַאבֶּען צְוַויי מָאל אַזוֹ פִיעל וְויא עֶר דַארְף אַרוֹיס נֶעמֶען , וְויל עֶר זִיךְ גָאהְר נִיט אִינְטְרֶעסִירֶען וֶוענֶען דֶעם גֶעשֶׁעפְט אוּן אִיז זִיךְ אִין גַאנְצֶען אֵיין פְרַייעֶר מֶענְשׁ , עֶס בֶּערִירְט אִיהְם קַיין זַאךְ נִיט , אוּן וְויל גָאר פוּן קַיין זַאךְ נִיט וִויסֶען : עֶס קֶען זַיין דְרַיי צָאהְלוּנְגֶען אִין אֵיין צַייט גֵייט עֶס אִים נִיט אָן , דַארוּם וְויא אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ מִיט אַזַא מֶענְטְשֶׁען דוּרְךְ צוּ קוּמְמֶען אוּן צוּ וָואס פַאר אֵיין צְוֶועקזָאל אִיךְ פַאר אִים אַרְבֶּעטִין וָואס אִיז עֶס פַאר אֵיין צִיעל אַלְזָא אַזוֹיא וְויא אִיךְ הַאלְט אַייךְ פַאר דֶעם בֶּעסְטֶען פְרַיינְד בֶּעט אִיךְ אַייךְ אִיהְר זָאהְלְט מִיר יֶעצְט נִיט עֶנְטְזַאגֶען , אוּן לְמעַ״ה מִיר גְלַייךְ שְׁרַייבֶּען וְויא זִיךְ אוֹיף צוּא פִיהְרֶען .

פָאהְן מִיר אַייעֶר פְרַיינְד וָואס הָאפְט אוֹיף אַנְטְוָוארְט .

## בֶּערְדִיטְשׁוּב דֶען 10 אַפְּרִיל 1899

### 26 .

### בֶּעסְטֶע אוּן פִיעל גֶעלִיבְּטֶע פְרַיינְדִין רָאזֶע !

עֶס ווּאוּנְדֶערְט מִיר זֵייעֶר אוֹיף דַיין לַאנְגֶעס שְׁטִילְשְׁוַוייגֶן , עֶס קָאמְט מִיר פָאר זַייעֶר זָאנְדֶערְבַּר , בֶּעסְטֶע פְרַיינְדִין , וְויא אַזוֹי דוּא הָאסְט גִיקֶענְט אִין אַזַא קוּרְצֶע צַייט אָן מִיר פֶערְגֶעסִין , וָואס דוּא בִּיסְט אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ צוּ מִיר גִיוֶועזֶען . פֶערְגֶעס נִיט אַז מִיר הָאבֶּען אֵיין מִינוּט אֵיין סֶעקוּנְדֶע זָאגַאר נִיט גִיקֶענְט לֶעבֶּען אֵיינְס אָהְן דִי צְווֵייטֶע . אַלְזָא קֶען אִיךְ מִיר אִיבֶּער־הוֹפְט נִיט פָארְשְׁטֶעלֶען וָואס בַּיי דִיר אִיז דָארְט פָאר גֶעקָאמֶען ,

און רעכין ניט אַנדערס, אַז דו ביזט בעהיטע גאַטט, עטוואס ניט געזונד. און דאס איינציגע מאכט מיר נאך מעהר אונרוהיג, אַלזא בעט איך דיר דו זאהלסט אַזוי גוט זיין און מיר טאָן די גיפעליקייט און מיר בע־יכטון פון דיין ליעבען גיזונד מיט וועלכע דוא ווערסט דיין גיטריע פריינדין גליקליך מאַכון. גלויב מיר בעסטע פריינדין, אַז איך זאג דאס אָן שמייכעל דאס מיינע שמערצון דאריבער זינד אונבעשרייבליך. איך בין זיכער אַז דוא ווערסט יעצט מיין ביטע אויס פאָלגען און בלייב דיין עוויג ליבענדע פריינדין וועלכע ערוואַרטעט מיט אונגעדולד דיין אַנטוואָרט גוסטא.

## 27.

### לְשׁוּתְפֵי הַיָּקָר מו״ה אַרְיֵ׳ לֵיב הוֹכְמַאן נ״י.

דיין שרייבין ערהאלטען, וואס דו פרעגסט מיר וועגען קאמיסיאָנער פון וואַרשאַ אויב ער האט שוין צו גישיקט דיא וואַהרע, מעלדע איך דיר מיין טהייערער שותף, אַז איך האב ערהאַלטין איין בריעף פון איהם ער שרייבט אַז די וואַהרע ווערט קומען ניט שפעטער וויא דען צווייטין יאַנוואַר, גיוויס וועל איך גלייך ביין ערהאַלטין די סחורה טעלעגראַפירון צו דיר. זייא וויסען מיין ליבער שותף, אַז עס איז מיר אַגרויסער וואונדער אויף דיר וואס דוא דערמאַנסט ניט דיא הונדערט רובּיל וואס איך האב דיר גישיקט דורך יחיאל פעלדמאַן, דרום בעט איך דיר זייא אַזויא גוט גלייך ווי דו ווערסט ערהאַלטען מיין בריף זאהלסטו מיר שרייבן אַנטוואַרט פון מאסקווע, איידער דוא ווערסט נאך אַרויספאהרען.

דיין שותף וואס וואַרט אויף דיין אַנטוואָרט יצחק דובּנער.

## 28.

### צוּא מַיין בעסטען פריינד אַהֲרן ברוק נ״י.

איך האב אייך יעטצט ארויס גישיקט דורך פּאסט טויזינד רובּעל אויף וועלכע איך בעט אייך גלייך צו שרייבען אַנטוואָרט, אויך זאהלט איהר אַזוי גוט זיין און מיר אַרויס שיקען גלייך דעם בעשטעלונג וועלכון זייא פינדען דא בייא גילייגט, גיוויס וועלען זייא עס צוא דער צייט אַרויס שיקען, ווייל קיין זומער אַרטיקלען נעפינט זיך יעצט ניט בייא אונז

דְרוּם זָאהְלְט אִיהְר אַרוֹיס שִׁיקֶען דִיא וַואהְרֶע נִיט שְׁפֶּעטֶער וִויא פַּאר פֶּסַח וַוייל שְׁפֶּעטֶער קֶען אִיךְ עֶס נִיט בְּרוֹיכֶען. דִיא וַואהְרֶע זָאהְל זַיין וָואס צוּם בֶּעסְטֶען אַזוֹי וִויא אִיהְר וַוייסְט מַיין גוּסְט. וֶועגִין דִיא פְּרַייזֶען וֶועלִין מִיר שׁוֹין דוּרְךְ קוּמְמֶען. וֶוען דִיא וַואהְרֶע וֶועט מֶער בַּאטְרֶעפִין לוֹיט דִיא גֶעלְט וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעשִׁיקְט וֶועל אִיךְ עֶס אָפּ שִׁיקֶען צוּם צְווַייטֶען בֶּעשְׁטֶעלוּנְג מִיט דַאנְק.

אַייעֶר טְרַייעֶר פְרַיינְד וָואס וַוארְט אוֹיף אַנְטְוָוארְט יִצְחָק זִילְבֶּער.

## 29.

### וֶוערְטֶער הֶער ר' אַבְרָהָם נ"י.

אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט מִיר פַארְשְׁפְּרָאכֶען וֶוען אִיר זַייט גִיוֶועזֶען אִין ווִילְנָא אַז גְלַייךְ וִויא אִיהְר וֶועט קוּמְמֶען צוּא הוֹיזֶע וֶועט אִיהְר מִיר שְׁרַייבֶּען וֶועגֶען דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען אָפְּגִירֶעדְט, אַם עֶנְדֶע אִיז שׁוֹין פֶערְצֶעהְן טָאג פָארְאִיבֶּער אוּן אִיךְ הָאבּ פָאהְן אַייךְ קַיינֶע בְּרִיעף נִיכְט עֶרְהַאלְטֶען. דְרוּם וַוייס אִיךְ גָאהְר נִיט וָואס אִיבֶּער צוּא דַיינְקֶען, אוּן אִיךְ בֶּעט אַייךְ זַייעֶר אַז גְלַייךְ וִויא אִיהְר וֶועט דֶעם בְּרִיעף עֶרְהַאלְטִין זָאהְלְט אִיהְר מִיר שְׁרַייבֶּען וֶועגִין דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אַייךְ גִירֶעט אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז אִיהְר וֶועט אי"ה מַיין פֶּערְלַאנְג אוֹיסְפָאלְגֶען, אוּן בְּלַייבּ אַייעֶר בֶּעסְטֶער אוּן גְלִיק-ווִינְשֶׁענְדֶער פְרַיינְד יִצְחָק זַאק.

## 30.

### בֶּעסְטֶער פְרַיינְד ר' דָוִד נ"י.

אִיךְ מֶעלְדֶע אַייךְ דָאס מִיר פִינְדֶען זִיךְ יֶעצְט רֶעכְט וָואהְל, גִיבּ גָאטט דָאס זֶעלְבֶּע פוּן אַייךְ צוּ הֶערֶען, אוֹיךְ קֶען אִיךְ אַייךְ בֶּערִיכְטֶען אַז אִיךְ הָאבּ עֶרְהַאלְטִין אַייעֶר שְׁרַייבִּין פוּן פִינְפְטֶען מַייא, פַאר וֶועלְכֶען אִיךְ בִּין אַייךְ זַייעֶר דַאנְקְבַּאר פַאר וָואס אִיר הָאט אוֹיס-גֶעפָאלְגְט וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן אַייךְ פֶערְלַאנְגְט, אִיךְ בִּין נִיט אִים שְׁטַאנְדֶע אִיהְנֶען הֶערוֹיס צוּ שְׁרַייבֶּען דִי טוֹבָה וָואס אִיהְר הָאט מִיר דֶער מִיט גֶעטָאהְן, גָאטט זָאהְל הֶעלְפֶען אִיךְ זָאהְל אַייךְ נָאר קֶענֶען אָפּ דִינֶען אִין פְרַיידֶען וָואנַאר דִי שׁוּלְדִיקַייט פוּן יֶעדֶען מֶענְשֶׁען אִיז אַז עֶר זָאהְל זַיין אִינְטֶרֶע-סִירְט אִין אַיין נוֹיט אַיין מֶענְשֶׁען הֶערוֹיס צוּ הֶעלְפֶען נָאר צוּם בֶּע-

דוויערין איז אין דער וועלט זייער ווייניג מענשען צו גיפינען וועלכע זאהלען דעם היילינען פפליכט טאהן, און נאך מיין מיינונג זייען דיא איבעריגע, וועלכע לעבען נאהר פון זייערט וועגען און האבען קיין רחמנות אויף דעם אנדערען מענשען פאר קיין פאהל ניט ווערט צו הייסען מענשען. דרום בעסטער פריינד מיר האבען אזעלכע ניכט מקנא צו זיין, און עס בלייבט אונז נאר צוא ווינשען אז עס זאהלען זיך מעהרין אין דער וועלט מענשען ... דיין פריינד צבי פרידמאן .

## חארקאוו דען 11 טען מייא 1899

## 31.

### צוא מיין בעסטען פריינד אברהם גוטמאן .

פאר מיין אבריוען פון אדרעססע האב איך איך גינעבען דאס וואָרט צו שרייבען, דיזער פערשפרעכען האט מיר אימער בעלאסטעט און איך האב אלעס ערוואַרטעט פיליכט וועט עטוואס פארקאממען נייעס, אם ענדע איז גאר אום זיסט געוועזען מיין וואַרטען, דיא צייט איז מיר ניט צום גונסטען גיוועזען, און קיינע נייעס האבע איך אלעס ניט צו שרייבען, און דער וויל פלאגט מיר דער געוויסען און הייסט מיר שרייבין, איבערגענס וואלט איך גיקאנט גאנץ גרינג זיך אפרעכענען מיט מיין קרעדיטאר, און זיך פון איהם בעפרייען אזויא וויא עס בעפרייען זיך יעצט פיעלע בעלי חובות פון זייערע קרעדיטארען מיט דעם וואָרט „איך האב ניט" איך האב ניט וואס צוא שרייבען דאס וואָרט „ניט" איז דאך דער בעסטער ענטפער, נאר איך האב זיך בערעכענט אז דאס איז איבעריג, און אז איך קען מיר בעגיין אהנע אנזעצין, דיא בריף איז דאך ניט מעהר וויא פריינדליכע בריעף, אלזא וואס דארף איך נייעס? פריינדליכע בריף זינד נור גישאפען דערויף אז צוויי גוטע פריינד וועלכע דאס שיקזאל האט מיט געבראכט אז זייא האבין זיך גימוזט צו שיידען אויף איין געוויססער צייט זאללען צווישען זיך קענען, ווען ניט מינדליך, ווייניגסטענס, שריפטליך, זיך אביסעל דורך ריידען, דרום אין

אַזאַ בְּרִיעף שְׁרַייבּ וָואס עֶס קוּמְט דִיר אַרַיין אִין דִי גִידַאנְקֶען, מִיט אַיין
וָוארְט גִיבּ דָער פֶּען דִיא פְּרַייהַייט לָאז זִיא זִיךְ אַרוּם שְׁפַּאצִירֶען אִיבֶּערִין
פַּאפִּיר, נָאךְ אִיהְר ווִילֶען נָאךְ. דְרוּם מַיין טְהַייעֶרער פְּרַיינְד, מַיין פֶּעדָר
אִיז שׁוֹין בַּאלְד פְּרַייוִוילִיג אָפּ גִילָאפֶען אַהַאלְבֶּער בְּרִיעף אָבֶּער וָואס
זִיא הָאט אָן גִישְׁרִיבֶּען אוּן וָואס זִיא וֶועט נָאךְ צוּא שְׁרַייבִּין קִימֶערְט עֶס
מִיר נִיכְט, אִיהְר אַלֶעם גוּטֶער פְּרַיינְד דַארְפְט אוֹיף אַלֶעם צוּ פְּרִידֶען
זַיין, פִילַייכְט וֶועט אִיהְר פָּאהֶרְט וֶועלִין גֶפִינֶען אִין מַיין בְּרִיעף עֶטְוָואס
נוּטְצְלִיכֶעס, קֶען אִיךְ אַייךְ אַיין רַאהְט גֶעבִּין : אִיהְר זָאהְלְט בֶּעסְסֶער
דֶעם בְּרִיעף גָאהְר נִיט אוֹיף עֶפֶענֶען אוּן עֶס לָאזֶען לִיגֶען אוּנ-בֶּערִירְט,
וַוייסְט אִיהְר אָבֶּער מַיין לִיעבֶּער פְּרַיינְד פַאר וָואס אִיךְ רַאהְט אַייךְ
אַזוֹיא ? וַוייל אִין דָער צַייט וָוען אִיהְר וֶועט פוּן מַיין רַאהְט עֶרְפַאהְרִין,
וֶועט מַיין בְּרִיעף שׁוֹין נִיט זַיין נָאר אוֹיף גִיעֶפִינְט, נָאר אִיהְר וֶועט
אִיהְם שׁוֹין הָאבֶּען הַאלְבּ אָפּ גִילַייעֶנְט, אַלְזָא יֶעצְט הָאבּ אִיךְ אַייךְ
גֶעבַּאפְט אִין מַיין נֶעץ, אוּן הָאבּ אַייךְ דָער וַוייל אַזוֹי וַוייט פֶערְפִירְט
אִין מַיין בְּרִיעף אוּן אִיךְ הָאפֶע אַז אִיהְר וֶועט שׁוֹין אִיבֶּער פְלִיהֶען
מִיט דִיא אוֹיגֶען דִיא אֵיינִיגֶע צַיילִין וָואס עֶס גִיפִינֶען זִיךְ נָאךְ אִין
מַיין בְּרִיעף. מִיט אֵיינֶעם וָוארְט, מַיין בֶּעסְטֶער, עֶס גִיבְּט קַיין בֶּעזָאנְדֶרֶעס
קַיין נַייעֶס, מֶען זֶעהְט אַרוֹיס אַז דִיא אוּם גְלִיקְלִיכֶע פְּרַאזֶע אִיז עֶטְוָואס
אָן גִיצַייכֶענְט גֶעוָוארִין, אַז זִיא זָאהְל דִינֶען פַאר אַצוּשְׁלוּס צוּ יֶעדֶער
בְּרִיעף, וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעקֶענְט טָאהְן לִיעבֶּער פְּרַיינְד? אִיךְ הָאבּ
זִיךְ אַנְדֶערְס נִיט גֶעקָאנְט הֶעלְפִין, דִיא זֶעלְבֶּע פְּרַאזֶע מוּז בַּייא מִיר
גְרַאדָע דִינֶען אַלֶעם הוֹיפְּט זַאכֶע פַאר מַיין בְּרִיעף, פִילַייכְט וֶועט דִי
שְׁפֶּעטֶערֶע צַייט עֶטְוָואס וִויכְטִיגֶעס בְּרֵיינְגֶען וֶועל אִיךְ זִיךְ גֶעווִיס
נִיט פוֹילִין צוּא שְׁרַייבֶּען. אָבֶּער וִויא גֵייט אַייךְ מַיין לִיבֶּער פְּרַיינְד?
וִויא אַזוֹיא גֵייט עֶס אַייךְ אִין גֶעזוּנְד? מַאכְט אִיהְר גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטִין?
צוּא לֶעבְּט אִיהְר צוּא פְּרִידֶען מִיט אַייעֶר פְרוֹי ? הָאט אִיהְר שׁוֹין
פִילַייכְט אַיין קִינְד? אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיר זָאהְלְט מִיר פוּן אַלֶעם בֶּערִיכְטֶען
אַייעֶר בֶּעסְטֶער פְּרַיינְד וֶועלְכֶער וִוינְשְׁט אַייךְ אַלֶעם בֶּעסְטֶע. אוֹיפְזֶעצֶר.

## 32.

### בעסטער פריינד ר׳ דוד נ״י נאכמאנזאהן.

אייער ליבען בריעף ערהאלטין, איך דאנק אייך זייער ליעבער
פריינד וואס איהר פערענטפערט זיך פאר מיר ווארום דאס איז דיא
ערשטע ארענטליכע אויף פירונג און דער געוויססער צייכען פון איין
ערליכען מענטשען, ווארום מען מוז דאך נאטירליך פאר מענטשען
מעהר יוצא זיין ווי פאר דעם וואס לעבט אייביג ווייל דער אייבערשטער
ווייס יעדען מענשענס גידאנקען אבער איין מענטש אורטהיילט
נאהר נאך זיין שוואכען פערשטאנד, דרום גלויבט מיר מיין טהייערער
פריינד, זאגאר עס האט מיר געזאגט אגעוויסער מענטש אז איהר
האט מיר געוואלט קיילע מאכען בייא דעם הערין ארלאווסקע. און
האט מיר געזאגט אז ער ווייס געוויס אז איהר האט געוואלט געבען
10 קאפ׳ טהייערער פאר ווייצען מעהל נאהר איך האב איהם פאר
קיין פאהל ניט געוואלט גלויבען ווייל איך בין גוט בעקאנט אין
אייער כאראקטער אז איהר זייט אויף אזעלכע זאכען ניט פייהיג,
איך האב מער קיין צייט ניט צו שרייבען איך גירים אייך פריינדליך.

## 33.

### צוא מיין פיעל געליבטען פאטער.

מיר איז אום מעגליך מיט ווערטער אויס צו דריקען מיינע געפיהלע
דער דאנקבארקייט פאר דיא גוטעס וואס דוא האסט מיר געטאהן
ניט גראדע יעצט צום נייעם יאהר געפין איך דיא געלעגענהייט דיר,
ליעבער פאטער, צוא דאנקען, נאהר איך האפפע בעשטענדיג דיינע
ליעבע און טרייע צוא פערדינען, יעצט צום נייעם יאהר בעניץ איך
מיר נור מיט דעם געלעגענהייט צוא ווידערהאללען מיינע אינערליכע
געפילען צו דיר. איך ווינשע דיר אז גאטט זאהל דיר דער לייגערען
דיינע יאהרען אין פריידען און גליק, און דוא זאהלסט האבען
פערגעניגען פאהן אונז אלעמען פאהן מיר דיין זאהן, וועלכער
האפט אז גאטט וועט פאר נעמען אונזער פערלאנג.

שלום זילבערבלאט.

# גְלִיקְוְוינְשׁוּנְגֶען צוּם גֶעבוּרְטְסְטָאג :

## 34.

### צוּא מַיין פִּיעל גֶעלִיבְּטֶען פָּאטֶער.

מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אוּן פֶערְגֶענִינֶגען גְרֵייפֶע אִיךְ דִי פֶעדֶער אִין מַיין הַאנְד דִיר, לִיעבֶּער אוּן טְהַייעֶרער פָאטֶר, צוּ דַיין גֶעבוּרְטְסְטָאג מַיין הֶערְצְלִיכֶען גְלִיק-וואוּנְשׁ אוֹיס צוּ דְרִיקֶען אִיךְ הָאפְּפֶע דוּרְךְ מַיין פְלַייסִיגְקַייט אוּן דוּרְךְ מַיין אָרֶענְטְלִיכֶען אוֹיף פִיהְרוּנְג דִיר אָפּ צוּא דַאנְקֶען אוּן פַארְדִינֶען דַיין לִיבְּשַׁאפְט דַיין גִיהָארְכְזַאמֶר זָאהְן יַעֲקֹב

## 45.

### טְהַייעָרְסְטֶע אוּנְד גֶעשֶׁעצְטֶע מוּטְטֶער רָחֵל לֶעבֶּען זָאהְל ·

אִיךְ וְוינְשֶׁע דִיר לִיבֶּע מוּטְטֶער צוּם נַייעֶם יָאהְר פִּיעל גְלִיק אוּן נָאךְ פִּיעל גְלִיקְלִיכֶע יָאהְרֶען צוּא דֶער לֶעבֶּען· דוּא וֵוייסְט דָאךְ וְויא הֶערְצְלִיךְ אִיךְ לִיעבּ דִיר, וַוייל אִיךְ פִּיהְל דִיא גוּטֶעס וָואס דוּא טוּסְט מִיר אִימְמֶער אִיךְ בֶּעט שְׁטֶענְדִיג בַּיי גָאטט עֶר זָאהְל דִיר פִּיעלֶע יָאהְרִין, גֶעזוּנְד אוּן פְרֵייד שֵׁיינְקֶען· אוּן מִיר זָאהְל עֶר הֶעלְפִין אִיךְ זָאהְל דַיין לִיעבְּשַׁאפְט וֶוערְט זַיין דַאמָאלְסְט וֶועל אִיךְ אוֹיךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין · דַיין דִיךְ לִיעבֶּענְדֶער זָאהְן מֹשֶׁה ·

## 36.

### לִיעבְּסְטֶע אוּן טְהַייעָרְסְטֶע עֶלְטֶערֶען ·

עֶס אִיז שׁוֹין מֶעהְר וְויא אַיָאהְר וְויא אִיךְ גֵייא אִין דֶער שׁוּהְלֶע אוּן וָואס וַוייטֶער גֶעפֶעלְט זִיא מִיר אַלֶס מֶעהְר, דֶער לֶערְנֶען אִיז פַאר מִיר אִימְמֶער לַייכְטֶער, דֶער הֶער דִירֶעקְטָער אוּן לֶעהְרֶער פוּן קְלַאסֶע אִיז פָאהְן מִיר הֶעכְסְטֶענְס צוּא פְרִידֶען אוּן דָאס בֶּעלוֹינְט מִיר פִיר מַיינֶע אָנְשְׁטְרַיינְגוּנְגֶען אִיךְ דַאנְק אַייךְ טוֹיזֶענְד מָאהְל פַאר דִיא שֵׁיינֶע גֶעבוּרְטְס-טָאגְס גֶעשֵׁיינְקֶע וָואס אִיהְר הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט אוּן בְּלַייבֶּע אַייעֶר אַייךְ לִיעבֶּענְדֶער זָאהְן

37.

צוּא מַיין טְהַייֶערְסְטֶען אָנְקֶעל מו"ה דָוִד לֶעבִּין זָאהְל ·

אִיהְר הָאט מִיר זֵייעֶר פִיל גוּטְס גֶעטָאהְן אִין פָארִיגֶען יָאהְר אִיךְ מוּז עֶס צוּ גֶעבִין, אוּן דַאנְקֶע אַייךְ בֶּעסְטִינְס דַאפִיר אוּן בֶּעט בַּייא גָאט עֶר זָאהְל אַייךְ פַאר דִיא לִיבְּשַׁאפְט אוּן גוּטְסְקַייט וָואס אִיהְר הָאט מִיר גֶעטָאהְן, פִילֶע גְלִיקְלִיכֶע יָאהְרֶען שֵׁיינְקֶען, אִיךְ בֶּעט אַייךְ לִיעבֶּער אָנְקֶעל, אוֹיךְ צוּם נַייעֶם יָאהְר דִיא זֶעלְבֶּע גוּטֶעס וִויא בִּיז יֶעטְצְט צוּא טָאהְן, אִיךְ וֶועל מִיר בֶּעמִיהֶען דוּרְךְ גוּטֶע אוֹיפְפִיהְרוּנְג אַייעֶר לִיבְּשַׁאפְט צוּא פֶערְדִינֶען

אַייעֶר דַאנְקְבַּארֶער נֶעפֶּע יוֹאלִיק·

38.

בֶּעסְטֶער פְרַיינְד ר׳ דָוִד נ"י ·

מַיין עֶרְשְׁטֶער גִידַאנְק בַּיי דֶעם אַרַיין טְרֶעטִין פוּן נַייעֶם יָאהְר אִיז גֶעוֶוען, אַייךְ מַיין בֶּעסְטֶער פְרַיינְד פָאר צוּאשְׁטֶעלִין מַיין פֶערְזִיכֶערוּנְג אוּן דִי גִיטְרַייהַייט צוּ אַייךְ. אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ נִיט דִי גִילֶעגִינְהַייט אוּן מֶעגְלִיכְקַייט אַייךְ דָאס צוּא דֶערְוַוייזֶען, מוּז אִיךְ צוּא פְרִידֶען בְּלַייבֶּן דֶער מִיט, וָואס מַיין הֶערְץ פִיהְלְט צוּ אַייךְ דֶעם טִיפְסְטִען דַאנְק אוּנְד גְלִיקְוואוּנְשׁ, גְלוֹיבְּט מִיר בֶּעסְטֶער פְרַיינְד, אַז קַיין אֵיינְצִיגֶער פוּן אַייעֶרֶע בֶּעסְטֶע פְרַיינְד אִיז אַייךְ נִיט אַזוֹי גִיטְרַיי וִויא אִיךְ אוּן וִוינְשֶׁע אַייךְ אַלֶעס בֶּעסְטֶע- אַייעֶר אַייךְ לִיעבֶּענְדֶער פְרַיינְד גַבְּרִיאֵל ·

39.

צוּא מַיין לִיבְּסְטֶע פְרוֹי דְבוֹרָה לֶעבֶּען זָאהְל ·

אִיךְ הָאבּ יֶעצְט עֶרְהַאלְטֶען אֵיין בְּרִיעף פוּן דַיין לִיעבֶּען פָאטֶער מִיט אַ מַזָל טוֹב אַז דוּא בִּיזְט דַאנְקֶען גָאטט אִיבֶּער נֶעקוּמֶען אוּן דוּא הָאסְט מִיט גְלִיק אַיין זָאהְן גִיבָּארֶען, אִיךְ וִוינְשֶׁע דִיר מַיין לִיבֶּע פְרוֹי אַ מז"ט מִיר זָאהְלֶען דֶער לֶעבִּין צוּ הָאבִּין נַחַת פוּן דֶעם נַיינִיבָּארֶענֶעם אוֹיךְ פוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע קִינְדֶער, אִיךְ בֶּעט דִיר מַיין לִיעבֶּע פְרוֹי אַז שְׁפֶּעטֶער מִיט אֵיינִיגֶע טֶעג אַז דוּא וֶועסְט זִיךְ שׁוֹין פִיהְלֶען בֶּעסֶער זָאהְלְסְט מִיר אֵיינְגֶענְהֶענְדִיג שְׁרַייבִּין דַיין גֶעמָאהְל יִצְחָק נַאק ·

# חתן כלה בריעף :

06.

הויכגעשעצטע און ליעבסטע ברויט חנה לעבען זאהל ·

ווען איך נעהם דיא פעדער אין מיין האנד איהנען דיא ציילען צו שרייבין, שטעל איך מיר פאר די אונ-אויס-שפרעכליכע גליקליכע סעקונדען, אין וועלכע מיר האבין פערבראכט אין דעם אבענד פון אונזער פער-לאבונג · איך זאג סעקונדען · ווייל יעדע שטונדע האט בייא מיר דאן אויס-גיזעהן נאך איבער פליהענדער אלס א סעקונדע· אך ליעבע פריינדין אונד ברויט. איך נעם יעצט שרייבען צוא איהנען אדער אנדערש געזאגט. מיט איהנען עטוואס שריפטליך אנשטאט מונדליך זיך צו אונטערהאלטען, אבער איך צווייפיל אויב מיין שוואכע פעדער וועט אום שטאנדע זיין מיינע געפיהלע אויס צוא דריקען, גאנץ אנדערס קומט נאטירליך פאר, ווען אזעלכע צווייא גוטע פריינד האבען דיא גילעגינהייט אפט מיט איין אנדער צו שפרעכין, בייטען דיא גידאנקען, קענען-לערנען איינער דעם צווייטינס כאראקטערע. אבער ליידער איז עס פאר אונז דאס אלעס אונ-מעגליך, און מיר מוזין בלייבען צו פרידען מיט דער שריפטליכער אונטער-האלטונג. יעדאך עס איז אשווערע אויפ-גאבע ליעבע ברויט, פיר אונז ביידען, ווייל ווי איז דאס מעגליך מיט איינער פעדער הערוים צו געבין די גיפיהלע די פערגעניגען, וואס אזעלכע צוויי גוטע, אונשולדיג ליבענדע פריינד בייא איינער מונדליכער אונטערהאלטונג געניסען קענען? עס איז אונ-מעגליך און דאדורך מוזען מיר אונזער מאנגעל, ניט ווילענדיג מיט שרייבען ערזעצען · אלזא געשעצטע ברויט, איך ווינש מיר דעם פערגניגען פון אייך, ווייניגסטענס אפטער בריעף צו בעקומען וועלכע איך האפפע, איהר וועט מיר ניט ענטזאגען · איך וועל אייך אויך בעטען , איהר זאהלט מיר דאס ווארט געבען אז בייא דעם שרייבען צוא מיר, זאהלט איהר זיך גיטינגסט ניט אן שטריינגען, ניט זוכען קיין בעזונדערע אויסדריקע , אום עס זאהל אייך מיין ביטע [illegible] צופאלען ניט שווער זיין. נור איינפאך שרייבען, ווייא איהר נייט

גָעוואָנְט . אִיהְר זָאלְט מִיר מָעלְדָען פוּן אַייעֶר גָעזוּנְדְהַייט אוּן וִויא אַזוֹי אִיהְר פַארְבְּרַיינְגְט דִיא צַייט . מִיט אֵיינֶעם וָוארְט אַלְלֶס אוּיס צוּא שְׁרַייבֶּען, אָבֶּער נָאר אֵיינְפַאךְ .

41.

הוֹיכְגֶעשֶׁעצְטֶער בְּרוּיטִיגַאם דָוִד לֶעבֶּען זָאהְל .

אַייעֶר גֶעפִיל-פָאלֶען בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ מִיט דָעם גְרֶעסְטִין פֶערְגֶענִיגֶען גֶעלֶעזִין, אָבְּזָאהְל עֶס אִיז דָאךְ וִוירְקְלִיךְ אַזוֹי, וִויא אִיהְר בֶּעמֶערְגְט, אַיין גְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְשַׁייד פוּן שְׁרִיפְטְלִיךְ בִּיז מוּנְדְלִיךְ צוּא זַאמֶען צוּ שְׁפְּרֶעכֶען, אָבֶּער עֶס הֶעלְפְט נִיט מַיין פְרַיינְד אוּן בְּרוּיטִיגַאם , אִיהְר זַייט דָאךְ אֵיין בֶּעלֶעזֶענֶער אוּן פְּרַאקְטֶעצִירְטֶער מֶענְטְשׁ, פֶערְשְׁטַייט אִיהְר דָאךְ, אַז עֶס אִיז נִיט גְלַייךְ צוּ דַיינְקֶען פוּן דָעם צוּ וָואס מִיר קֶענֶען נִיט קוּמֶען, אוּן דַאדוּרְךְ נִיט גֶענִיסֶען דָעם פֶערְגֶענִיגֶען וֶועלְכֶער אִיז פַאר אוּנְז מֶעגְלִיךְ. אִיךְ קֶען אַייךְ פֶערְזִיכֶערִין, לִיעבֶּער בְּרוּיטִיגַאם, אַז יֶעדֶער וָוארְט אִין אַייעֶר בְּרִיעף הָאט גֶעשְׁפְּרָאכֶען צוּ מִיר מִיט אַייעֶר שְׁטִימֶע, נָאהְר אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָאס אֵיינְצִיגֶע צוּ בֶּעטֶען, מִיר אָפְטֶער צוּ שְׁרַייבֶּען, דֶען יֶעדֶער בְּרִיעף פוּן אַייךְ אִיז בַּייא מִיר אַזוֹי גֶעשֶׁעצְט אַז אִיךְ שְׁטֶעל מִיר פָאר גְלַייךְ וִויא אִיהְר זַייט זֶעלְבְּסְט בַּייא מִיר מִיט אַיין וִויזִיט. אוּן דָאס וָואס אִיהְר בֶּעט פוּן מִיר אַייךְ אָפְט צוּ שְׁרַייבִּין קָאן אִיךְ אַייךְ פֶערְזִיכֶערֶען, אַז אוֹיף יֶעדֶען בְּרִיעף, וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל פוּן אִיהְנֶען עֶרְהַאלְטֶען, וֶועלִין זַיי אוּיגֶענְבְּלִיקְלִיךְ אַנְטְוָוארְט בֶּעקוּמֶען: ווייטֶער קָאן אִיךְ אִיהְנֶען מֶעלְדֶען אַז אִיךְ בִּין גָאט זָא דַאנְק פָאלְקָאמֶען גִיזוּנְד, וֶועלְכֶעס אִיךְ זִוינְשׁ מִיר פוּן אִיהְנֶען צוּ הֶערֶען, אוּן פֶערְבְּרֶיינְג אוֹיךְ דִיא צַייט זֵייעֶר פְרֵיילִיךְ אוּן צוּ פְרִידֶען, אִין לֶעזִין אוּן הַאנְדְאַרְבַּייט אוּן אוֹיךְ וָואס נֵייטִיג אִיז אִין דֶער וִוירְטְשַׁאפְט. מֶען טוּז מַיין פְרַיינְד, אֵיינֶע וִוירְטְהֶען אוֹיךְ פֶערְשְׁטֵיין צוּא זַיין. אַדְיֶע בִּיז דֶער צְוַוייטֶער פָּאסְט. אַייעֶר שֶׁעטְצֶענְדֶע בְּרוּיט חַנָה הֶערְצְבְרֵייף.

42.

וֶוערְטֶער הֶער ר״ אַבְרָהָם דוּבֶּענְסְקֶע .

עֶס אִיז שׁוֹין אַיינִיגֶע יָאהְר צַייט וִויא אִיךְ הָאבּ מִיר עֶרְוָוארְטֶען

פָּאלְקָאמֶענֶע וִויסֶסֶענְשַׁאפְט וֶועגֶען גִּישֶׁעפְט אַנְגֶעלֶעגֶענְהַייטֶען אוּן אִיךְ דֵּיינְק יֶעצְט זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט קָאמִיסְיָאן הַאנְדֶעל, אוּנְד נָאךְ מַיינֶע פֵיהִיגְקַייטִין וִויא אִיךְ וֵייס אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהְרֶט דֶעם גֶעשֶׁעפְט צוּ זַאמֶען מִיט מַיין פָאטֶער ע״ה פִיהְל יָאהְרֶען גֶעהַאנְדֶעלְט אוּן פְרַיינְדְלִיךְ פֶערְבּוּנְדֶען גִיוֶועזֶען דְרוּם גֶעפִין אִיךְ פַאר נֵייטִיג אַייךְ מַיין פְרַיינְד צוּא מַאכֶען וִויסֶען אוּן זִיךְ רֶעקָאמֶענְדִירֶען צוּא אִיהְנֶען וֶועלְכֶעס מַאכְט מִיר הָאפְפֶענוּנְג אוֹיף אֵיינֶער פְרַיינְדְלִיכֶער פֶערְבִּינְדוּנְג צְווִישֶׁען אוּנְז גְרַאדֶע דִי זֶעלְבֶּע וִויא מִיט מַיין פָאטֶער ע״ה. נָאךְ מַיין קַאפִּיטַאל אוּן וִויסֶענְשַׁאפְטֶען אִין גֶעשֶׁעפְט דֵּיינְק אִיךְ אַז אִיךְ וֶועל אי״ה קֶענֶען צוּא פְרִידֶען שְׁטֶעלֶען מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד, מִיט וֶועקְסְלֶען אָדֶער וַואהְרֶע-אָבְּזֶעצֶען, יֶעדָאךְ אִיךְ פַאנְג יֶעצְט אָן מַיין גֶעשֶׁעפְט פוּן דֶעסְטְהַאלְבּ הָאפְפֶע אִיךְ אַז דִיא פַיינְסְטֶע הַאנְדֶעלְס הַייזֶער וֶועלִין מִיר נִיט אָפְּזָאגֶען אִין הִילְף אוּנְד רַאטְה. וֶועגֶען מַיין שְׁטַאנְד וֶוען זֵיי וִוילְלֶען, קֶענְנֶען זֵייא זִיךְ עֶרְקוּנְדִיגֶען בַּייא ר׳ מֹשֶׁה וַויינְשְׁטֵיין, אַלְזָא מַיין טְהַייעֶרֶער פְרַיינְד, אִיר מֶעגְט זִיכֶער זַיין אַז אוֹיף יֶעדֶען אוֹיפְטְרַאג פוּן אִיהְנֶען וֶועל אִיךְ אי״ה מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער פִּינְקְטְלִיכְקַייט אוֹיס פָאלְגֶען.    אַייעֶר טְרַייעֶר פְרַיינְד אַהֲרֹן זַאק.

## 43.

### צוּא מַיין בֶּעסְטֶען פְרַיינְד אַהֲרֹן זַאק.

דוּרְךְ אַייעֶר שְׁרַייבֶּען פָאהְן צְוֶועלְפְטֶען דֶעצֶעמְבֶּער הָאבּ אִיךְ עֶרְפַאהְרֶען אַז אִיר דַיינְקְט זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט קָאמִיסְיָאן דִיא זֶעלְבֶּע וִויא אַייעֶר פָאטֶער ע״ה, פוּן מַיינֶער זַייטֶע וִוינְשֶׁע אִיךְ אַייךְ גְלִיק אִין אַייעֶר אוּנְטֶערְנֶעמוּנְג. אוּן אִיךְ קֶען אַייךְ פֶארְזִיכֶערִין אַז אִיךְ וֶועל אי״ה זֶעהְן וִויא נוּר מֶעגְלִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען קַיין גֶעלֶעגֶענְהַייט וֶועלְכֶע קֶען אוּנְז בֵּיידֶען נוּטְצֶען בְּרֵיינְגֶען, אִיךְ הָאפְפֶע אַז אַייעֶר גֶעשֶׁעפְט וֶועט בֶּעפֶעסְטִיגֶען אוּנְזֶער קֶענְטְשַׁאפְט אוּן אוֹיפְהַאלְטֶען דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁלָאסֶען מִיט אַייעֶר פָאטֶער ע״ה. יֶעצְט אַלֶעס אָנְפַאנְג הָאבּ אִיךְ דִי עֶהְרֶע אַייךְ צוּא בֶּעלַאסְטֶען מִיט

אַיין קְלַיינֶעם אויפְטְרָאג . אִיךְ פֶערְלַאנְג פון אַייךְ אִיר זָאחְלְט מִיר זָעהְן צוּא בֶּעזָארְגֶען דִיא וַואהְרֶע אוּנְד בֶּערֶעכֶענֶען נָאךְ דִיא אָנְגִיגֶעבֶּענֶע פּרַייזֶען און דָאס וָואס צוּם שְׁנֶעלְסְטֶען אַרוֹיס שִׁיקֶען דוּרְךְ קַאנְטָאר אִין יַארוּסְלָאוו צוּ ר׳ מֹשֶׁה פֶעלְדְשְׁטֵיין. פוּן וֶועלְכֶען זַייא וֶועלֶען מִיט גָאטֶעס הִילְף גְלַייךְ עֶרְהַאלְטֶען דָאס גֶעלְדפַאר דִיא וַואהְרֶע וָואס אַייךְ וֶועט קוּמֶען. הַכְּלַל בֶּעסְטֶער פְרַיינְד, מִיר וֶועלֶען זָעהְן מִיט אַלְגֶעמֵיינֶע קְרֶעפְטֶען זִיךְ בֶּעמִיהֶען צוּ פֶערְבְּרֵייטֶערֶען אוּנְזֶער גֶעשֶׁעפְט דָער מִיט וָואס מִיר וֶועלֶען אָרֶענְטְלִיךְ און פִּינְקְטְלִיךְ אוֹיסְפָאלְגֶען אוּנְזֶערֶע פְּפְלִיכְטֶען און דַאדוּרְךְ פַארְדִינֶען אַלְגֶעמֵיינֶען קְרֶעדִיט .

אַייעֶר טְרֵייעֶר פְרַיינְד אַהֲרֹן דוּבְּענְסְקֶע .

## 44.

טְהַייעֶרְסְטֶער פְרַיינְד בָּרוּךְ נִידֶערְשְׁטֵיין .

אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ עֶרְפַאהְרֶען פוּן ר׳ דָוִד רוֹיזֶענְשְׁטֵיין אַז אִיר רַיינְקְט מִיט מִיר אָן צוּא פַאנְגֶען הַאנְדְלֶען, יֶעצְט הָאבּ אִיךְ אַייעֶר שְׁרַייבֶען און בֶּעשְׁטֶעלוּנְג עֶרְהַאלְטֶען . אוּנְד אִיךְ וָועל זָעהְן אי״ה אַייךְ צוּ פְרִידֶען צוּ שְׁטֶעלֶען , דֶען צְוֶועלְפְטֶען ד״ם הָאבּ אִיךְ אִיהְנֶען אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ קַאנְטָאר דִיא וַואהְרֶע פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ הָאפֶּע אִיהְר וֶועט אי״ה צוּ פְרִידֶען זַיין. וַוייל אִיךְ הָאבּ דִי וַואהְרֶע עֶרְהַאלְטֶען פוּן אוֹיסְלַאנְד פוּן דִי פִירְמֶע קַאנְטֶען. בַּיי דֶעם פַאר־פַאקֶען דִי וַואהְרֶע אִין דִיא קַאסְטֶענְס בִּין אִיךְ אַליין דֶערְבַּייא גִיוֶועזֶען און הָאבּ אִיבֶּער גֶעקוּקְט יֶעדֶעס בֶּעזוּנְדֶער. דִי פּוּפְּצֶעהְן הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל וָואס זַייא הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיקְט הָאבּ אִיךְ עֶרְהַאלְטֶען , און דִיא דְרַיי הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל וָואס אִיר בְּלַייבְּט מִיר שוּלְדִיג לוֹיט רֶעכֶענוּנְג וֶועלְכִין זַיי פִינְדֶען בַּייא־גֶעלֵייגְט. בֶּעט אִיךְ אַייךְ אִיר זָאהְלְט מִיר אַרוֹיס שִׁיקֶען דוּרְךְ פָּאסְט וֶוען אִיר דַיינְקְט וָואס צוּ בֶּעשְׁטֶעלֶען. זָאהְלְט אִיר גְלַייךְ שְׁרַייבֶּען וָועל אִיךְ הָאבֶּען דִי מֶעגְלִיכְקַייט פִינְקְטְלִיךְ אַייעֶר בֶּעשְׁטֶעלוּנְג אוֹיס צוּ פִיהְן

פוּן מִיר אַייעֶר טְרֵייעֶר פְרַיינְד וֶועלְכֶער וִוינְשְׁט אַייךְ גְלִיק .

יוֹסֵף פִינְקֶעלְשְׁטֵיין .

45

# טְרויִסְט בְּרִיעף.

באסטאן 22 טען אפריל 1900.

## וָוערְטְהֶער פְּרַיינְד!

איך הָאבּ עָרְשְׁט הַייטֶע עָרְפַאהְרֶען פוּן דֶעם אוּמְגְלִיק וָואס דִיך הָאט גֶעטְרָאפֶען, דָאס דוּא הָאסְט דַיינֶע לִיעבֶּע גוּטֶע פְרוֹיא פֶערְלָארֶען. אַךְ! וואוּ נֶעם אִיךְ זָא פִיעלֶע וָוארְטֶען אִיךְ זָאל קֶענֶען אוֹיף דֶעם פַאפִּיר אוֹיסְדְרִיקֶען דָאס וָואס מַיין הָערְץ פִיהְלְט?

עמך אנכי בצרה! אִיךְ גֶעה גֶענְצְלִיךְ אַרַיין אִין דַיין לַאגֶע מַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פְרַיינְד. אִיךְ פִיהְל דַיינֶע גְרוֹיסֶע שְׁוָוערֶע שְׁמֶערְצִין. דֶען וָוער וַוייס נָאךְ וִויא אִיךְ וָואס פַאר אַשַׁאטְץ דוּא הָאסְט פֶערְלָארֶען?

אָבֶּער וָואס קָאן מַאן הָעלְפֶען. גֶעגֶען גָאטְס שְׁטְרַאפֶע הָעלְפְט קַיין פְּרָאטֶעסְט, דוּא בִּיזְט הַארְט בֶּעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶען, עָס אִיז שׁוֹין אַפֶּערְפַאלֶענֶע זַאךְ, אוּן דוּא מוּזְט יֶעצְט בֶּעוַוייזֶען אַז דוּא בִּיזְט אַמַאן מִיט מוּטְה, אַטַאפְּפֶערֶער הֶעלְד וָואס קָאן גֶעדוּלְדִיג עֶרְטְרָאגֶען דָעם לֶעבֶּענְסְקַאמְפף. דֶען וָואס וָועט דִיר הָעלְפֶען בַּיין פֶערְצְוַוייפְלוּנְג, דַיין וַויינֶען אוּן דַיין קְלָאגֶען.

מוּטְה, מַיין פְרַיינְד! כָּל זְמַן מִיר לֶעבִּין, דַארְפֶען מִיר קֵיין מָאל דֶעם מוּטְה נִיט פֶערְלִיערֶען, דַיינֶע פְרוֹיא אִיז יֶעצְט גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וֶועג וָואהִין מִיר אַלֶע מוּזֶען גֶעהֶען אוּן וֶוען גָאט הָאט פוּן דִיר אַזַא שְׁטִיטְצֶע צוּגֶענוּמֶען, וֶועט עֶר גֶעווִיס פוּן הַיינְט אוּן וַוייטֶער אַלֵיין מִיט זַיין הַאנְד דִיךְ שִׁיטְצֶען אוּן שְׁטִיטְצֶען.

אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דוּא בִּיזְט מַאן גֶענוּג דִיעזֶען שְׁלַאג צוּ עֶרְטְרָאגֶן.

זַייא מוּטְהִיג אוּן גֶעטְרוֹיסְט וִויא דִיר ווִינְשְׁט דַיין פְּרַיינְד J. D.

## צו אַ פָאטֶער וָואס זַיין זוּהְן איז גֶעשְׁטָארְבֶּען.

**פיהלאדעלפיא 21 טען נאוועמבער 1901**

מַיין לִיעבֶּער פְרַיינְד!

וִויא אַדְרֶעסעַנְשְׁלַאג הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפֶען דִיא נַאכְרִיכְט, דָאס דַיין לִיעבֶּער זָאהְן איז פוּן דִיר אוֹיף אִימֶער אוּנְד עֶווִיג אָבְּגֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען. וָוען אִיךְ זָאל ווִיסֶען אַז מִיט וָוארְטֶען קָאנְסְט דוּא גֶעטְרוֹיסְט וֶוערִין, וָואלְט אִיךְ גֶעשְׁרִיעבֶּען און גֶעשְׁרִיעבֶּען גָאר אָהְן אַנ׳אוֹיפְהָערער אוּם דַיינֶע גְרָאסֶע שְׁמֶערְצֶען צוּ עֶרְלַייכְטֶערְן. אָבֶּער אִיךְ ווֵייס אַז מִיט וֶוערְטֶער קָאן מַאן זָאלְכֶע וואוּנְדֶען נִיט הַיילֶען. דַארוּם נֶעמִין אִיךְ פַאר נֶעטְהִיג דִיךְ אוֹיפְמֶערְקְזַאם צוּא מַאכֶען אוֹיף אֵיינִיגֶע זַאכֶען.

מִיר בֵּיידֶע ווֵייסֶען אַז אוּנְזֶער וֶועלְט אִיז פוּל מִיט צָרוֹת אוּן שְׁוֶוערֶע לֵיידֶען. מִיר ווֵייסֶען דָאס דָאס וָוארְט „גְלִיק" וֶועלְכֶעס לִיעגְט אִין אוּנְזֶערֶע מֵיילֶער אִיז נוּר אַפּוּסְטֶע פַאנְטַאזִיֶע, אַנַארִישֶׁע אַיינְבִּילְדוּנְג. מִיר רֵיידֶען אִימֶער פוּן גְלִיק, מִיר יָאגֶען זִיךְ נָאךְ דֶעם, אָבֶּער מִיר גֶעפִינֶען עֶס קַיין מָאל נִיט.

דֶער אַלְטֶער פִהילָאזָאף קֹהֶלֶת הָאט שׁוֹין לַאנְג דָאס בֶּעמֶערְקְט אוּן הָאט דַארוּם גֶעזָאגְט: „ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים אשר המה חיים", ד. ה. אִיךְ בִּין פִיל מֶעהְר מְקַנֵא דִיא לֵייטֶע וָואס זַיינֶען שׁוֹין לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען אַלְס דִיא מֶענְשֶׁען וָואס לֶעבֶּען. וִויא עֶס וַוייסְט אוֹיס פִיהְרְט זִיךְ דִיא וֶועלְט פוּן עֶווִיג אָן אַזוֹיא, אַלֶע מָאל הָאבֶּען דִי קְלוּגֶע מְקַנֵא גֶיוֶועזֶען דִיא גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע אוּן עֶס אִיז פִיעל מֶעהר דָא צוּ בֶּעדוֹיעֶרְן דִי לֶעבֶּענְדִיגֶע אַלְס דִיא וָואס הָאבֶּען שׁוֹין זַייער לֶעבֶּענְסְוַואנְדֶעל גֶיעֶנְדִיגְט. דַיין זָאהְן אִיז

יונג געשטאָרבען. אַלע זיינע פריינדע און בעקאַנטע בעדויערן איהם. זיינע עלטערן פערגיעסען ביטערע טרערען אויף זיין פרישען גראַב און ער אַליין ליעגט זיך גאַנץ רוהיג אין זיין שטילען קבר. ער הערט ניט וואס איהם אַרום טוהט זיך. ער זעהט ניט דיא פיעלע ליידען וואס טאַנצען אַרום די לעבענדיגע. ער דאַרף שוין וועגען קיין זאך זאָרגען, פאַר־קיין אונגליק פירכטען און דער געדאַנק אַליין דאַרף אונז אַביסעל בערוהיגען. צו וואס שטרעבען מיר דען אַלע, ווען ניט צום גראַב? מיט וואס ענדיגט זיך אונזער אַלימענס מיהע ווען ניט מיט דעם טויט? אַלזאָ לאָמיר וואַרטען ביז עס וועט קומען דיא צייט און מיר וועלען אויך איבער געהען אין יענער געהיימניספאָלער וועלט וואו דיין זאהן געפינדעט זיך יעצט.

איך ענדיג מיין בריף מיט דיא וואָרטען נאט זאל דיר טרויסטען, דאס וינשט דיר פון טיעפען הערצען דיין פריינד

J. D.

